# ל. סיגאל יובילײ בוך

אַרויסגעגעבן פון

שטאָט און דיסטריקט קאָמיטעט נומער 4, א. נ. א. פ.

לכבוד זײן

## פופציק יאָריקן יובילײ

— און —

אַכצן יאָר געטרײע דינסט אַלס גענעראַל סעקרעטאַר

פון אידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד

פילאדעלפיע, יוני 3טן, 1945

# SEGAL JUBILEE BOOK

*Published by the*

CITY & DISTRICT COMMITTEE NO 4, J. N. W. A.

ON THE OCCASION OF HIS FIFTIETH ANNIVERSARY AND EIGHTEEN YEARS FAITHFUL SERVICE AS GENERAL SECRETARY OF THE JEWISH NATIONAL WORKERS ALLIANCE

PHILADELPHIA, PA., JUNE 3, 1945

ALLIED PRINTING TRADES UNION LABEL COUNCIL PHILADELPHIA 20

# אינהאלט




רעדאקציע קאלעגיע:
דר. מ. י. קאליש
טשערמאן בוך-קאמיטעט
וו. שיכמאן
רעדאקטאר
ה. יעליס
ש. טאופער
מרים גין סילווער

בוך קאמיטעט:
נ. ל. בראון
ה. קאסאי
ב. קליין
מ. גלושאקאף
ד. לעסאנס
ז. רעזניק
מ. רובין
ש. שאפירא
ל. שילינג
ה. וויסמאן



דאָ דרוקן מיר דעם קייבלגראַם וואָס מיר
האָבן נאָר וואָס געקראָגן פון לאָנדאָן צום
יובילאַר, פון פרעזידענט פון דער אַל־
וועלטליכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע
דר. חיים ווייצמאַן

BY DIRECT WIRE FROM

| CLASS OF SERVICE | WESTERN UNION | 1223-S SYMBOLS |
| --- | --- | --- |
| This is a full-rate Telegram or Cablegram unless its deferred character is indicated by a suitable symbol above or preceding the address. | R. B. WHITE, PRESIDENT — NEWCOMB CARLTON, CHAIRMAN OF THE BOARD — J. C. WILLEVER, FIRST VICE-PRESIDENT | DL = Day Letter<br>SER = Serial<br>NM = Night Message<br>NL = Night Letter<br>CDE = Code Cable<br>LC = Deferred Cable<br>NLT = Cable Night Letter<br>Ship Radiogram |

The filing time shown in the date line on telegrams and day letters is STANDARD TIME at point of origin. Time of receipt is STANDARD TIME at point of destination.

CDU509 INTL—CD LONDON VIA MACKAY 69 MAY 31

NLT SEGAL JUBILEE COMMITTEE—

717 SPRUCE STREET PHILA—

PLEASE CONVEY TO MR SEGAL MY WARMEST CONGRATULATIONS AND HEARTIEST GOOD WISHES ON THIS HAPPY OCCASION STOP SHOULD MUCH HAVE LIKED TO JOIN PERSONALLY IN TRIBUTES NOW BEING PAID TO HIM BUT UNFORTUNATELY HAVE HAD TO POSTPONE MY INTENDED VISIT STATES STOP I WISH HIM VERY MANY MORE YEARS OF HAPPY AND FRUITFUL WORK FOR OUR PEOPLE AND OUR LAND —

CHAIM WEIZMANN

# פאַרוואָרט און באַגריסונג
# פון שטאָט און דיסטריקט קאָמיטעט נומער 4

די חברים פון פילאדעלפיער שטאט קאמיטעט פילן זיך שטאלץ און גליקלעך וואס זיי איז די ערשטע געלונגען צו פועלן ביי חבר סיגאלן, אז זיין 18 יאריקע פארבינדונג מיט'ן פארבאנד, זאל ניט פארבייגיין אומבאמערקט און זאל ווי געהעריק געפייערט ווערן.

עס איז אונז ניט גרינג אנגעקומען. מיר האָבן געהאט לאנגע וכוחים מיט אים, ער האָט זיך שטארק געווערט קעגן דעם, אבער ער האָט לסוף איינגעזען דעם אויפריכטיקן וואונש פון צענדליקער און הונדערטער חברים און ער האָט זייער פארלאנג נאכגעגעבן. זיינען מיר טאקע שטאלץ מיט דעם וואס מיר זיינען די ערשטע צו פייערן דעם דאזיקן יום טוב. מיר האָבן נאטירליך אויך ניט געקאנט פארבייגיין א צווייטע וויכטיקע דאטע אין דעם לעבן פון חבר ל. סיגאל: זיין 50 יאריקער יובילײ, און מיר פייערן דעריבער א צווייפאכן גרויסן יום טוב.

ל סיגאל איז פאַר פילאַדעלפיער חברים און אין אַלע שטעט אין אונזער דיסטריקט ניט נאר א גענעראל סעקרעטאר, נאר א היימישער, גוטער, הארציקער חבר. ער איז אן אפטער גאסט בא די פארזאמלונגען פון די ברענטשעס, און טיילט מיט, די ליידן און פריידן פון אונזער באוועגונגס לעבן דא אין שטאט. די ערשטע יארן פון „פאקן און מאזלען" האָט סיגאל געהאט ניט ווייניק צער פון אונזער אַרבעט, דערפאַר אָבער שעפט ער עמערס נחת די לעצטע יארן פון אונזער ראשיקן וואוקס, געגויע 40 ברענטשעס אין דיסטריקט, אין פילאדעלפיע אן אייגענעם שיינען בנין, אַ פיינע עטאַבלירטע ביבליאָטעק, אַ לעבעדיקע אָרגאַניזאַציע, וואס איז א גרויסער כח פאר אלע ארבעטן פון אונזער באוועגונג, פאר אלע ארץ ישראל פאנדן, און אלגעמיינע אידישע נויטן, אן ארגאניזאציע וואס זוכט אריינצוברייגגען קולטורעלע דערהויבונג צווישען אירע הונדערטער מיטגלידער דורך לעקציעס, סימפאזיומס, יום טובים, און זיי בכלל פאַרבינדן ווי מיטגלידער פון איין גרויסער משפחה.

מיר ווייסן אז די קומענדיקע יארן וועלן זיין יאָרן פון שווערע פאראנטוואָרטלעכקייטן פון דעם פאַרבאַנד: אידישע נויט איז קאלאסאל גרוים, דער קאמף פאַר אונזער רעכט אין ארץ ישראל, און פאַר אונזער אויפבוי וועט פאָדערן אסך כחות, אסך ענערגיע און געלט מיטלען. דער קאמף פאַר אונזער אידיש גייסטיקן קיום דאָ אין לאנד איז אויך איינער פון אונזערע שווערסטע, אָבער מיר האָפן אַז מיט דעם פאַרשטאַרקטן נאַציאָנאלן באַוואוסטזיין פון אונזערע חברים און מיט דער אינספיראַציע פון חבר ל. סיגאל, וועלן מיר אָט די אויפגאבן ערלעך דערפילן.

מיר שיקן אונזערע הארציקסטע ברכות צו אונזער באליבטן סעקרעטאר, און ווינטשן אים אז ער זאל ווייטער פירן אונזער אָרגאַניזאַציע אויף די וועגן פון פאַרטיפונג און אויסשפרייטונג און ער זאָל צוזאַמען מיט אונז דערלעבן די גיכע רעאַליזירונג פון אונזערע אידעאַלן.

ב. פרידמאן, פאָרזיצער

וו. סילבערמאן, וויצע-פאָרזיצער

פ. זאלאטניצקע, סעקרעטאר

מ. וואלאוו, קאסירער

דוד פינסקי

## לאנג לעבן זאָל אונזער לואיס סיגאל!

מיין באציאונג צו לואיס סיגאל איז די באציאונג פון א קונסט־קריטיקער צו א קונסטווערק. די עלף און א האלב יאר, וואס מיר זיינען צוזאמען — ער אלס גענעראל סעקרעטאר פון פארבאנד, איך אלס פרעזידענט — איז ער פאר מיר א קונסטווערק, וואס איך הער נישט אויף צו באוואונדערן.

איך ווייס גארנישט פון זיינע קינדער־יארן. איך האָב קיינמאָל נישט געפּארשט זיין היים און יוגנט. ווען מען קריגט אריין א שיינע פלאנץ, טראכט מען נישט וועגן איר אָנהייב און איר נעכטן, נאר מען באוואונדערט זי יעדן נייעם טאג אין איר ווייטערדיקן וואוקס.

איך ווייס נישט, וויפיל און וואס ער האָט געלערנט. אין אלץ, וואס ער רעדט און טוט און שרייבט, דערקען איך נאר אים אליין. א כוואליעדיקע קיוואל, פון וועלכער מען ווייס נישט דעם אָנהייב. אין יעדער פראגע ברענגט ער זיין אייגנס, פון קיינעם נישט געבארגט. ער איז איינגעפליישטער פועל־ציון, אבער איך בין זיכער, אז זיין פועל־ציוניזם קומט צו אים נישט פון בארא‌כאוון און נישט פון סירקינען. ער האָט וואס אויפגעכאפט פון דער לופט, און די איבעריקע איז זיינס, און דערפאר אזוי שטארק אין אים. עלף און א האלב יאר זיינען מיר צוזאמען, פאר דער צייט אומצייליקע זיצונגען, מיטינגען, פריוואטע באשפרעכונגען, און שטענדיק איז ער מיר א גרויסער נחת רוח, ווען ער אנטוויקלט א געדאנק.

איך האָב איינמאָל געשריבן וועגן אים און מוז עס איבערחזרן: ער האָט מיטגעבראכט מיט זיך אין דער געשעפטספירונג פון דעם פארבאנד ווי אין אלע זיינע פיל־פארצווייגטע קהלשע טעטיקייטן א זעלטן געפיל פון ערע און ערליכקייט, פון אמת'דיגקייט, געוויסנהאפטיגקייט און נאמנות, און אן איידל געפיל פון יושר, וואס פארהיט אים פון פעדאנטישער עקשנות. די גרעסטע באליידיקונג פאר אים איז צווייפל אין זיין וואָרט. דער מענטש, וואָס האָט חושד געווען זיינס א ווארט, וועט זיין פריינט קיינמאָל נישט ווערן. צו דעם אלעמען זיין ריזיקע ארבעטסקראפט. נישט קוקנדיק אויף אלע זיינע אומצייליקע פליכטן און טעטיקייטן, האָט ער נאָך קיינמאָל גארנישט פארנאכלעסיקט.. שטענדיק איז ער אין ארבעט, שטענדיק אין



געטו. פינקטלעך ביז אויף דער סעקונדע, סיסטעמאטיש, אלץ אין צייט. דערפאר איז ער אומעטום פון די ערשטע. און אומעטום טוער, האסער פון פוסטע רייד און אומזיסטער צייט־פארלוסט..

צו פופציק־יאר אן אויסגעוואקסענער, שטארק געוואַרענער, גרויס געוואָרענער.. אבער ער וויל נישט, מען זאל דערמאנען זיין עלטער, זיינע געבורטסטעג. געבורטסטאָג איז זיין פריוואטע זאך, זיין אייגנטום. צו יום־טובן א געבורטסטאג דארף מען זיין אויפגעלייגט. זיינע יארן זיינען רשות היחיד. זיי קאנען ווערן א רשות הרבים נאר מיט זיין דערלויבעניש.

אבער 18 יאר אין דער פירונג פון דעם פארבאנד זייענען נישט בלויז זיינע 18 יאר. זיי זיינען אויך דעם פארבאנדס. ווען דער פארבאנד פייערט אכצן יאר לואיס סיגאל, גענעראל סעקרעטאר, פייערט ער זיך אליין. די 18 יאָר זיינען כמעט א העלפט פון דעם פארבאנדס עלטער; די פריערדיקע יאָרן זיינען געוועזן יאָרן פון פּאָקן און מאָזלען, פון לערנען זיך צו שטיין אויף די פיס, צו מאכן אן ערשטן שריט. מיט די 18 סיגאל־יאָרן הייבט אָן דער פארבאנד צו גיין און צו לויפן.

די ציפער 18 באדייט גארנישט ביי די אומות העולם, ביי אונז באדייט זי ח'י. חי — געלעבט. א ציפער, וואס רופט ארויס מוט און קראפט. לאנג לעבן זאל לואיס סיגאל, דער מאן פון מוט, וואס האָט געבראכט דעם פארבאנד זיין קראפט!

# AMERICAN JEWISH CONGRESS

1834 BROADWAY • NEW YORK 23, N. Y.



May 25, 1945

L. Segal Jubilee Committee
717 Spruce Street
Philadelphia 6, Pa.

Dear friends of the Louis Segal Jubilee Committee:

I wish I could be with you on the occasion of the 50th Birthday Anniversary of Louis Segal. He is one of my dear, good friends. He has the courage of his convictions and the tenacity of an inflexible Melamed. I cannot truly say that I always see eye to eye with Louis Segal. Louis Segal could not even say it of and for himself. But this all of us know—that he is an honest man and vigorous thinker; an earnest worker and a truly devoted and dedicated servant of the Jewish people. I may say of him what someone suggested the President of the United States ought to be in the habit of saying: Not with all his faults I love him still, but "with all my faults I love him still."

My warmest greetings!

Faithfully yours,

STEPHEN S. WISE
President

# JEWISH NATIONAL FUND, Inc.

41 EAST 42nd ST., NEW YORK 17, N. Y.

TELEPHONE: VANDERBILT 6-3780

*President*
MORRIS ROTHENBERG
*Honorary President*
ISRAEL GOLDSTEIN
*Honorary Chairmen*
JUDITH EPSTEIN
WOLF GOLD
SOLOMON GOLDMAN
JAMES G. HELLER
LOUIS E. LEVINTHAL
LOUIS LIPSKY
DAVID PINSKI
ABBA HILLEL SILVER
ROBERT SZOLD
STEPHEN S. WISE
*Honorary Vice-Chairmen*
A. J. KREMENEZKY
GUSTAVE KLAUSNER
HARRY A. PINE
LOUIS P. ROCKER
ELIHU D. STONE
THEODORE STRIMLING
*Honorary Secretary*
LOUIS SEGAL
*Treasurers*
ICHEL M. KOWALSKY
JACOB SINCOFF
*Executive Director*
MENDEL N. FISHER

May 9, 1945

Mr. B. Friedman
Segal Jubilee Committee
717 Spruce Street
Philadelphia, Pa.

My dear Mr. Friedman:

The Jewish National Fund Administration extends its warm greetings to Chaver Louis Segal whose 50th Birthday Anniversary you are observing.

Mr. Segal has been one of the greatest forces in the work for Geulath Ha'aretz in which he has played such an important and active part. We honor him on this occasion and pay him tribute for his consecrated services to our Cause. He is a happy synthesis of the Zionist par excellence to whom Labor, Zionism and the Keren Kayemeth are one happy union. He has been in the forefront of the Movement for the liberation of our people.

It is our hope that he will be privileged to see the fulfillment of that for which he has worked so unceasingly, the establishment of a Jewish Commonwealth in Palestine. We salute him as we do the chaverim of the Farband who are paying him this well-deserved tribute.

Very sincerely yours,

MENDEL N. FISHER
Executive Director

MNF:SS



# דאָס ליד פון פאַרבאַנד

פון זלמן שניאור

גערוידמעט

**חבר לואיס סיגאל**

צו זיין פופציק יאָריקן געבורטסטאָג און אַכצן יאָריקע טעטיקייט אין פאַרבאַנד

דאָס איז א ליד, א פרילינג־ליד
פון אידישן פארבאנד!
מיר גייען צו א נייער צייט,
און איינער זוכט דעם צווייטנס האנד,
צו אחדות און פארברידערונג,—
אין פרייען יענקי־לאנד.

וואָס אָפגעשטאנען מונטערן מיר
אין בויען נאָכאנאנד:
אין היים ביי אונז, אין שול און קעמפ,
אין ווייט, אין זוניקן מזרח־לאנד,
באפרייען כוחות מיר און ערד
פון גלות און פון שאנד.

און קומט א פעלקער־שטורעם אָן,—
מיר האלטן אלע שטאנד!
מיר שטייען אויסגעמויערט, ווי
די לעצטע בית־המקדש־וואנד . . .
דאָס איז דאָס ליד, א נייע ליד
פון אידישן פארבאנד!

ניו־יאָרק, אַפּריל 1945

ב. פרידמאן

## ל. סיגאל—צו זיין 50 יאָריקן יובילײ

עס איז ניט קיין צופאל, וואָס סיי חברים פון דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג, און סיי אזעלכע וואָס זיינען בכלל פארבונדן מיט דעם אידישן געזעלשאפטלעכן לעבן, ווייזן ארויס א טיפן אינטערעס צו דעם צוויי‏פאכן יום טוב לכבוד חבר ל. סיגאל, צו זיין 50 יאָריקן יובילײ און 18 יאָר גענעראל סעקרעטאר פון פארבאנד.

סיגאל פארנעמט די פאזיציע אלס דער לייטנדער גייסט פון פארבאנד, גלייכצייטיק פארנעמט ער אויך די פּאָזיציע אלס פירנדער חבר אין אונזער גאנצער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג.

טראָץ דער שווערער און קאָמפּליצירטער ארבעט וואָס פאלט אויף אים אלס פירער פון פארבאנד, גיט ער אָפּ א סך צייט אויך צו אלע אנדערע אינסטיטוציעס אונזערע ווי דעם געווערקשאפטן קאמפּיין, נאציאָנאל פאנד, שולן, און אידישן סעמינאר. סיגאל פארנעמט אן אָנגעזעענעם ארט אין אונזערע אמעריקאנער אידישע קולטור אינסטיטוציעס, ווי אויך אין אונזער געזעלשאפטלעכן לעבן. ער געפינט צייט צו רעאגירן אויף אידישע צייט־פראגן סיי אין ארטיקלען אין די אידישע צייטונגען, און סיי אויף פארזאמלונגען. זיין ווירקונג איז ניט באשרענקט אין און ארום ניו יאָרק, ער באזוכט רעגלמעסיק אונזערע צווייגן אין די גרעסערע שטעט פון לאנד און אויך אין קאנאדא. מיט א יאָר צוריק האָט ער געפונען צייט צו באזוכן מעקסיקא, און זיין באזוך האָט באוויזן צו דערגרייכן גאנץ באדייטנדע רעזולטאטן אויפן פּאָליטישן געביט פון ציוניזם.

סיגאל באלאנגט צו יענעם דור וואָס איז געקומען קיין אמעריקע און געוואָרעמט אין זיך די טראדיציע פון דער אימיגראנטישער היים. ער האָט געטראָגן אין זיך די אידישע ווארעמקייט וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעבראכט פון יענער זייט ים, און צו דער זעלבער צייט, אויך איינגעזאפּט אין זיך די אמעריקאנער ברייטקייט, דעם פארנעם, דעם שוואונג פון דעם נייעם לאנד.

ער קומט צו אונז פון אידישע ארבעטער קרייזן, פאר א צייט איז ער געוועזן פארבונדן מיט דער קעפּמייקערס יוניאָן. שוין דאן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט באזונדערע ארגאניזאטאָרישע פיאיקייטן. אויסגעוואקסן אלס איינער פון די אנגעזעענסטע פירער אין אמעריקאנער אידנטום, איז ער אָבער אין דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג.

סיגאל איז דער געבענטשטער אָראטאָר. ער וואָלט אפשר ניט געקענט ווירקן מיטן פלאם פון זיין ריידן ווען ער וואָלט ניט געשטאנען אויף דער אידישער פּלאַטפאָרמע. עס איז זיין טיפע איבערצייגונג, אז נאָר א אידישע היימלאנד אין ארץ ישראל, וועט אָפּשאפן דעם אבנאָרמאלן צושטאנד פון אידישן לעבן. דערפאר דערגרייכן זיינע פלאמנדע רעדעס די סאמע טיפסטע גרונטן פון אידישע הערצער.



נאָך אלס קינד אין דער אלטער היים, האָט ער שוין געטראָגן אין זיך דעם אידעאל פון אידישער אויסלייזונג אין דעם אידישן לאנד. ניט דאָ איז דער אָרט אויסצורעכענען אלע געביטן אויף וועלכע סיגאל האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין רייכער קאריערע אלס אידישער געזעלשאפטלעכער טוער. זאָל אָבער געזאָגט ווערן אז ער באזיצט דעם כח צו ווירקן אויף אלע די מיט וועלכע ער קומט אין פארבינדונג, און דאָס איז דערפאר וואָס ער אליין גלויבט וואס ער רעדט. ער איז א ציוניסט אין פולסטן זין פון וואָרט. ער איז א איד מיט אלע זיינע חושים, און נאָר אין ציוניזם האָט זיין טאלאנט זיך געקאנט אנטוויקלען אזוי, אז ער זאָל ווערן א גרויסע פיגור ניט נאָר אין די קרייזן פון אונזער באוועגונג, נאָר אין די קרייזן פון שאפנדן אידנטום אין אמעריקע.

דאָס איז דער כח פון גלויבן, דאָס איז דער כח פון דער אידישער נאציאָנאלער אידעע.

סיגאלן איז באשערט צו זיין דער „אדוואָקאט" פון אונזער באוועגונג. ער איז דער „ספּאָקסמאן" אין כמעט אלע אינסטיטוציעס וואו די ציוניסטישע ארבעטער באוועגונג איז פארטראָטן. איבעראל ווערט זיין וואָרט געהערט און געאכטעט און זיין ארבעט ווערט דורכגעפירט מיט כבוד צו זיך און צו אונזער גאנצער באוועגונג וועלכע ער פארטרעט. וואָס קענען מיר אים צוטראָגן צו זיין און אונזער גרויסן יום טוב? מיר די חברים פון א. נ. א. פ. ברענגען אים צו זיין צוויי‏פאכן יום טוב, אונזער אנערקענונג און אונזער דאנקבארקייט, פאר זיין טרייער, איבערגעגעבענער דינסט צו אונזער באוועגונג, און פאר זיין ליבע צו אלץ וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אידיש לעבן. מיר ברענגען אים אונזערע אויפריכטיקע וואונטשן אויף א סך יאָרן פון פרוכטבארער ארבעט, ער זאָל מיט זיינע אויגן זען א באפרייט אידיש פאלק און אן אויסגעלייזטע ארץ ישראל.

## ה. לייוויק באגריסט דעם יובילאַר חבר ל. סיגאל

ליבע חברים פון יובילײ־קאָמיטעט:

עס טוט מיר באמת לייד, וואָס איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אנצושרייבן א גרעסערן ארטיקל לכבוד דעם יובל פון אונזער ליבן און חשובן ל. סיגאל. סיגאל האָט אודאי פאַרדינט אז מיר זאָלן שרייבן וואָס מער וועגן אים און וועגן זיינע גרויסע אויפטואונגען אלס פירער פון דעם אידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד. כאָטש איך בין ניט באקאנט גענוג מיט די פרטים פון זיין ארבעט, אָבער דער גייסט פון זיין ארבעט, זיין ענערגיע, זיין ערלעכקייט און דערהויפט זיין טיפע ליבשאפט צו אלץ וואס איז אידיש, צו אלץ וואס איז שעפערעש און קאָנסטרוקטיוו אין אונזער נאַציאָנאַלן לעבן, און אודאי זיין ליבשאפט צום שאפנדן ארץ ישראל, דאָס אלץ רופט ארויס אין מיר און אין אלעמען גרויס אכטונג צו אים און באוואונדערונג.

לײדער האָב איך צוליב א סך מניעות ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אנצושרייבן פארן יובילײ בוך לכבוד סיגאלן, דאָס געהעריקע ארטיקל. איך מוז זיך באַנוגענען מיט די דאָזיקע עטלעכע קורצע ווערטער מיינע און איך בעט אייך זייער, אויב ס'איז נאָך ניט צו שפּעט, אריינ־נעמען דאָס בריוול מיינס אינעם יובילײ־בוך. איך ווינטש אים, סיגאלן, אז ער זאָל דערלעבן צוזאַמען מיט אונז די אמתע באפרייאונג און דערלייזונג פון אונזער פאָלק.

אייער,

ה. לייוויק.

---

ה. לייוויק

### ערגעץ ווייט

ערגעץ ווייט ערגעץ ווייט
ליגט דאָס לאַנד דאָס פארבאָטענע,
זילבעריק בלאָען די בערג
נאָך פון קיינעם באטראָטענע:
ערגעץ טיף, ערגעץ טיף
אין דער ערד איינגעקנאָטענע,
וואַרטן אוצרות אויף אונז,
וואַרטן אוצרות פארשאָטענע.

ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט
ליגט אליין א געפאַנגענער,
אויף זיין קאָפּ שטאַרבט די שיין
פון דער זון דער פארגאַנגענער:
ערגעץ וואַגלט ווער אום
טיף אין שניי א פארשאָטענער,
און געפינט ניט קיין וועג
צו דעם לאַנד דעם פארבאָטענעם.

# לואיס סיגאל

(אן אפּשאצונג)

פון מענדעל נ. פישער
עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון יידישן נאציאָנאל פאָנד.

אויב מען זאָל מאכן א צעטל פון די צען אידן פון אמעריקע וועלכע שאפן די עפנטלעכע מיינונג, וועלכע שטייערן ביי צו דעם וואוילזיין פון אונזער ישוב, וואָס פארשטייען דעם אידישן פראבלעם אין זיין גאנצקייט — מענטשן וועלכע ניט נאָר שאַפן די עפנטלעכע מיינונג, נאר וואס האָבן געמאכט א קאנסטרוקטיוון בייטראג צום אידישן לעבן אין אמעריקע, צווישן אָט די צען ער־שטע וועט זיין דער נאָמען פון לואיס סיגאל.

עס איז ניט בלויז דערפאר וואָס ער האָט דערגרייכט זיין 50טן לעבנס־יאָר, אַ מילשטיין אין לעבן פון יעדן מענטשן, וואָס מיר מאכן די אָפּשאצונג. סיגאל איז איצט אויף דער העכסטער הויך פון זיין דינאמישער קראפט. ער איז איינער פון אונזערע בעסטע פאָרשטייער. ס'איז דער כאראקטער פון זיין פירערשאפט וואָס עס איז ווערט דערמאָנט צו ווערן וואָס האָט בייגעשטייערט זייער א סך צו דעם נאציאָנאל פאָנד.

סיגאל האָט שכל הישר. ער איז א פּראָדוקט פון די מאסן און ער האָט קיינמאָל ניט פארלוירן זיין קאָנ־טאקט מיט זיי. דער קרן קימת איז א גוטער באראָמעטער פון זיין דענקען און פון זיין פּראקטישן אידעאליזם. מיר האָבן א סך פירער וועלכע דינען אויף דעם מזבח פון וויכטיקע אידישע אינטערעסן, אָבער קיין איינער אין דער ארבעטער באוועגונג איז ניט אזוי ענג צוגע־בונדן צו זיין פאָלק און צו דעם לאנד אין ארץ ישראל ווי לואיס סיגאל.

שוין צען יאָר ווי ער פארנעמט דעם אמט אלס ערן סעקרעטאר פון קקל. עס זיינען געווען ענדערונגען אין דער אדמיניסטראַציע אָבער ער איז געבליבן אַ שאַפנדער כוח און שפּילט א פירנדע ראָלע אין דער ארבעט פאר גאולת הארץ. ער שטעלט מיט זיך פאָר די פיינסטע סינטעזע פון ארבעט, סאָציאליזם, ציוניזם און קרן קימת. ער קען ניט פארשטיין די לייזונג פון דעם אידישן פּראָב-לעם אָן ציוניזם. ער קען ניט באגרייפן ציוניזם אָן



אונזער באזיץ פון באָדן. פאר אים האָט אידעאלאגיע אָן פּראקטישע מעשים פאר דער דערגרייכונג פון ציל קיין שום באדייטונג ניט. דערפאר האלט ער אז ארבעטער ציוניזם וואָס שטרעבט צו דער שאפונג פון א אידישער קאמאנוועלט איז אן אבסטראקציע אויב דאָס לייזען איז ניט פארבונדן מיט בוכשטעבלעכער ארבעט פאר אויסלייזן דעם באדן אין ארץ ישראל. סיגאל האָט ניט קיין געדולד פאר סתם טעאריעס. ס'זיינען דא בלויז א פאר מענ־שען וועלכע פארשטיין אזוי גרינטלעך די פילאזאפיע פון דער באוועגונג ווי ער און דאס גרינטלעכע פארשטיין פון דעם תוכן פון דער באוועגונג פארפליכטעט צו מעשים פאר דער רעאליזירונג פון די אידעאלן.

אונטער זיין פירערשאפט איז דער ארבעטער דעפּארט־מענט פון דעם נאציאנאל פאנד געווארן איינער פון די וויכטיקסטע אינסטרומענטן צו מאכן די אמעריקאנער אי-דישע ארבעטער באוועגונג גאולת הארץ באוואוסטזיניק. די ארבעט צו מאביליזירן די אידישע ארבעטער כחות פאר'ן נאציאנאל פאנד איז הויפּטזעכליך געווען זיין אינספּירא־ציע. ניט קוקענדיק אויף זיינע פילע אקטיוויטעטן אלס גענעראל סעקרעטאר פון פארבאנד, אלס אן אקטיווער טוער פון דעם אמעריקאנער אידישן קאָנגרעס, אלס פי־רענדער כח פון דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג און פילע אנדערע אקטיוויטעטן איז דאך זיין „ערשטע ליבע" דער נאציאנאל פאנד און דאָס איז אויך זיין ערשטע זארג. ער פארדינט אונזער אנערקענונג און אונזער טיפע אפּשא־

צונג פאר דעם באמת גרויסן חלק וואס ער האָט אין דער עטאבלירונג פון ארבעטער דעפארטמענט פון קרן קימת.

דער ערפאָלג פון לואיס סיגאל אין אידיש עפענטלעכן לעבן איז הויפטזעכלעך געקומען דערפאר וואס ער איז שטענדיק לאיאל. מיר האָבן צוטרויען צו אים. ניט נאר קען ער רעדן זייער איבערצייגענד לטובת זיין פאלק נאר ער איז אויך זייער דינאמיש אין זיין אקטיוויטעט. ער ווארט ניט ביז פראבלעמען ווערן קריסטאליזירט. דער פירער מוז האָבן איבערצייגונג צו אינספירירן זיינע נאכפאלגער. סיגאל האָט שטארקע איבערצייגונגען און ברענגט זיי צום אויסדרוק.

ער טוט מער ווי דאס. ער העלפט שאפן די עפענטלעכע מיינונג. באטראכט בלויז א פאָר פון די פראבלעמען וואס זיינען געשטאנען פאר דעם אמעריקאנער אידישן לעבן, צו דאָס איז געווען דער באיקאט געגן דייטשלאנד, צו דאס איז געווען די ארגאניזירונג פון דער אמעריקאנער עפענטליכער מיינונג געגן דעם נאציזם אדער צום ביישפיל אינטערנע פראבלעמען פון אמעריקאנער ציוניזם, אין אלע די ענינים האָט סיגאל באוויזן אז ער האָט וויזיע און א טיפן אנאליטישן חוש און א דאנק דעם האָט ער געהאָלפן שאפן די באוועגונג וועלכע איז שפעטער געווארן פאפולער און אננעמבאר צו די גרויסע מאסן פון פאלק.

דער פראוו-שטיין פון פירערשאפט איז אין צייט פון קריזיס. מיר האָבן געהאט אסך קריטישע סיטואציעס אין דעם נ. פ. אין די לעצטע יאָרן. פארשידענע שטערונגן זיינען געמאכט געווארן אין אונזער ארבעט צו שאפן געלט דירעקט פון די מאסן. עס איז געווען לואיס סיגאל מיט זיין שטארקער פערזנלעכקייט און מיט זיין כח פון איבערצייגונג וואס האָט אונז דערפירט צום זיג. ער האָט פיינט קאמפראמיסן. ער באזיצט טאקט און פארשטענדיגונג וואס איז אזוי נויטיק פאר פירערשאפט. ער דענקט לאגיש, ער ווייסט וואס ער וויל, און ווי אזוי צו דערגרייכן דאס וואס ער וויל. ער איז גליקלעך מיט דעם וואס ער האָט ניט קיין פאראורטיילן און קיין מורא'ס וואס פאראליזירן די אַקטיוויטעטן פון אַזוי פיל פון אונזערע פירער. ער ווייכט ווי אזוי ארויסצוברענגן זיין געדאנק ווען נויטיק, ער ווייסט ווי אזוי צו ארגאניזירן די כחות צו געווינען דאס וואס ער דענקט, און איז איבערצייגט, אז עס איז גוט.

פייערנדיק זיין 50 יאריקן געבורטסטאג האָט סיגאל די אנערקענונג ניט בלויז פון זיינע נאָענטע מיטארבעטער נאר פון גרויסע מאסן פון אונזער פאלק. ער האָט פארערער ניט נאר דא אין אמעריקע נאר איבעראל. ער האָט געמאכט פון דעם פארבאנד א באמת גרויסע ארגאניזאציע. מיר פון דעם קרן קימת לישראל זיינען באמת דאנקבאר פאר זיינע מוטיקע ארויסטרעטונגען לטובת גאולת הארץ. דער נ. פ. וואלט ניט געווען היינט וואס ער איז אָן זיין גלענצענדער הילף. ער האָט אסך פארדינסטען אין דער אויסברייטערונג פון די נ. פ. אקטיוויטעטן. ער האָט אונז געגעבן ניט נאר עצות נאר פירערשאפט און הילף.

מאַכנדיק אַן אָפּשאַצונג צו דער געלעגנהייט פון זיין יובילײ לאמיר געדענקען אז ער האָט געארבעט טאג און נאכט און ניט געשפארט זיין טאלאנט אלס איינער פון אונזערע גלענצענדסטע עקזעקוטיווס, אַן אויסערגעוועגליכער רעדנער און פיינער אויסטייטשער פון ציוניזם. לאָמיר אויך געדענקן אז ער האָט זיך ארומגערינגלט מיט א גרופע פון איבערגעבענע פריינט וועמען ער אינספירירט און זיי פאלגן נאָך זיין פירערשאפט.

די טויזנטער דונאם לאנד וואס ער האָט געהאָלפן אויסלייזן וועלן בלייבן אַן אייביקער לעבעדיקער מאנומענט פון זיינע דערגרייכונגען און ספעציעל צו זיין איבערגעבנהייט צו גאולת הארץ. עס זיינען דאָ אַ סך זידלונגען אין ארץ ישראל וועלכע וואלטן דארטן קיינמאָל ניט געווען, עס זיינען דא אסך הונדערטער מעפּילים וועלכע וואלטן קיינמאָל ניט באזעצט געווארן אויפ'ן לאנד, און אסך אינסטיטוציעס וועלכע וואלטן קיינמאָל ניט געבויט געווארן ווען ניט די הילף און די איניציאטיווע פון לואיס סיגאל.

מיר באגריסן אים אלס א חבר, אַן אידעאַליסט, אַ פּראקטישער טוער, און אלס אַן אנערקענטן פירער פון אונזער פאלק. מיר ווינטשן אים אז ער זאל זעען די פארווירקלעכונג פון אונזערע האָפענונגען, פון אונזערע חלומות. מען מוז האָבן אסך פאנטאזיע און דאס וואס סיגאל האָט. ווי פראקטיש ער איז, איז זיין חלום אז אין ארץ ישראל וועט אופשטיין א פרייע אידישע געזעלשפאט באזירט אוף די העכסטע אידעאלן פון מענשליכן יושר. אונזער חלום איז א מלוכה וואו די אידעאלן פון אונזערע נביאים וועלן פארווירקלעכט ווערן. די דערגרייכונגען פון דעם הויכן אידעאל איז וואָס סיגאל שטרעבט. מיר ווינשן אים נאָך אסך, אסך יאָר פון געזעלשאפטלעכער ארבעט און פון דינסט צו זיין פאָלק און פאר דעם אידישן הײמלאַנד.

# סיגאל

פון ש. באנטשעק

צו אינטים מיט אים און צו יונג איז ער, אז מ'זאל וועגן זיינע דערגרייכונגען איצט ריידן. צייטנווייז דוכט זיך, אז אדער סיגאל איז אן אנפאנגער איצט אין זיינע געזעלשאפטלעכע ארבעטן, און צייטנווייז דאכט זיך, אז ער איז שוין א זקן אין זיינע אקטיוויטעטן און ס'איז אין דעם ניטא קיין סתירה, און קוקט איר זיך צו צו זיין פאר־נעם אין אונזער אייגן וועלטל, אין דער ציוניסטישער אר־בעטער וועלט און באזונדערס אין פארבאנד, דאכט זיך אָז גוזמא, אז אָן אים וואלטן א סך זאכן אויסגעזען בלאס אין אונזער לעבן.

זיין נייקייט אין געזעלשאפטלעכן לעבן שפריצט אלע מאָל מיט געוואגטקייט, מיט מוט און מיט שוואונג, פונקט ווי אן אנפאנגער, זיין קאנסטרוקטיווער מח, אבער, זיין קלארער אנאליז איבער פראבלעמען, ווייזן א רייפקייט ווי ער וואלט געווען א זקן און וואלט דורכגעמאכט דורות פון דערפארונג.

קיינער קאן ניט דערקלערן פונוואנען עס נעמט זיך זיין טעמפעראמענט, זיין ארבעטס פייאיקייט, זיין באגרייפן שנעל און גרינטלעך אן ענין. ער איז א געבארענער פירער, א געבארענער וועג־ווייזער, א געבארענער כלל-טוער, וואס טראגט מיט זיך ווארעמקייט, אינטערעס און זארגן פארן רבים.

א באוועגונג אדער געזעלשאפט, ווען געשפייזט בלויז מיט טעאריעס, אפילו שיינע טעאריעס, שיינע פרינציפן, שיינע רייד, קאן קיין סך ניט גערייען, די אידעען, די פרינ־ציפן און רייד, מוזן האָבן אין זיך מענשלעכן אטעם און זיין באזעלט מיט פראקטישן אינהאלט און מיט א ווילן די אידעען קאָנען|דורכפירן|אין|לעבן. א סך האָט סיגאל צו־געטראגן צו קלאר מאכן אונזערע פרינציפן און טעאריעס, נאך מער האָט ער צוגעטראגן צו העלפן זיי דורכפירן אין פראקטישן לעבן, אן דעם וואלטן זיי קיין אינהאלט און אנהאלט ניט געהאט.

די אידישע געזעלשאפטלעכקייט, ווי צעריסן זי איז, האָט פארשטענדיקונג פאר אזעלכע מענטשן, מאכט ניט אויס פון וועלכן לאגער זיי קומען, און טאקע דערפאר ווערט סיגאל אזוי געאכטעט און אנערקענט סיי אלס פער־זאן און סיי אלס פארשטייער פון אונזער באוועגונג.

פאלקסטימלעכקייט איז ביי אים ניט קיין ווארט, עס איז ביי אים אין כאראקטער, דער סאמע עיקר פון זיין איך, אָן דעם וואלט ער ניט געווען דער סיגאל ווי מיר קאנען אים. זיין פערזאן ווירקט אז די באוועגונג פון וועלכער ער איז א טייל איז אויך באווירקט פון זיין פאלקסטימלעכקייט.

נאָך נענטער איז ער אונז און מיר דערקענען אים בע־סער אין פארבאנד — ווען פון 1932 ביז היינט, איז דער־פארבאנד אויסגעוואקסן אין צאָל כמעט פיר מאל אזוי פיל ווי ער איז דאן געווען, און עס גרילצט שוין מער ניט אין די אויערן ווען מ'רעדט אז דער פארבאנד קאן און וועט ווערן א כח פון צענדליקער און צענדליקער טויזענ־טער, האָט עס סיגאל אין א גרויסער מאס מעגלעך גע־מאכט און געפירט דערצו.

ניטאָ קיין מאס וואס מען זאל קאנען מעסטן זיינע מעלות אויף אלע געביטן, און וויפל מ'זאל זיך ניט באמיען עס אנצואווייזן, וועט מען ערגעץ וואו פארפעלן. ער איז נאָך צו יונג, אז מען זאל דארפן וועגן אים איצט אזוי ריידן. ער פאנגט איצט אן זיינע געזעלשאפטלעכע אקטי־וויטעטן און דער איצטיקער סיגאל, וועט נאך האָבן א סך, זייער א סך צו זאגן אינעם אידישן געזעלשאפטלעכן לעבן. מער פון אלץ וואס אפעלירט צו מיר, איז דאס, וואס ער איז איינפאך. זיין איינפאכקייט איז ניט קיין באקוועמ־לעכקייט, ניט קיין געמאכטע, נאר אן אמת אויפריכטי־קע, א הארציקע, א אינטימע, אפילו ווען עס גרענעצט זיך מיט גרויסע זאכן פארלירט ער ניט זיין פשטות, זיין איינפאכקייט. דאס ווארצלט ער איין אין די טויזנטער חברים און דאס מאכט אז דער פארבאנד זאל שטענדיק בלייבן ביי זיין פשוטן פאלקסטימלעכן כאראקטער. ער האָט די קונסט פון קענען זיין א גוטער ברודער, פאר קאָ־נען זיין א פריינט, פון וועלן זיין א פריינט, ער האָט די מעלה וואס פארקוקט (אפילו ג־ויסקייטן) ווען זיי רירן

אים אן פערזענלעך. דאס דערהויבט אים נאך מער צווישן אונז.

ער ווייס ווי צו העלפן. דאס איז די הויפט מעלה זיי-נע, צו וויסן ווי צו העלפן. ניט דעם רבים, נאר טאקע דעם יחיד. אן ארגאניזאציע וואס וואקסט אין די טויזנטער, איז ניט מעגלעך צו דערווארטן אז דער יחיד זאל זיך אנזען און מען זאל קענען זארגן פאר זיינע פראבלעמען. ביי סיגאלן אבער איז ניט דער פראבלעם פון פארקוקן, פארזען, פארפעלן, ווען ס'האנדלט זיך וועגן א יחיד, צי ס'איז אין הילף, צי סאיז אין מיינונגס אויסדרוק. ער פארקוקט ניט, ער פארזעט ניט, ער פארפעלט ניט, און אלע מאל אין צייט און אלע מאל אין ריכטיקן פלאץ.

זיין אופן פון פירן אן ארגאניזאציע, זיין פינקטלעכ-קייט, זיין אויסגעהאלטנקייט, זיין יושרדיקער צוגאנג צו מיטמענטשן, זיין קאנען הערן טענות פון קעגנער געדול-דיק און מיט פארשטענדעניש, זיין פינקטלעכקייט, און האלטן ווארט איז ממש א מוסטער פאר א סך אין אלע באוועגונגען. אין אמעריקאנער לעבן רופט מען אזא מענטשן א „סעלף מייד מען".

פאר אזא מענטשן האט מען מער דרך ארץ און טאקע דערפאר איז ער אזוי באליבט ביי אונז אלעמען.

וואלט איך נאך געקאנט שרייבן וועגן פערזענלעכע דערפארונגען וואלט נאך די בילד קלארער געווארן, אבער דאס וועלן מיר איבערלאזן צו זיין 60 יאריקן יוביליי. ווי א חבר, ווי א פריינט, ווי א מיטארבעטער, זאג איך אז סאיז א נחת צו ארבעטן מיט אים אפילו ווען מען דארף זיך קריגן, און געווים איז א נחת צו ארבעטן מיט אים ווען מען איז מיט איין מיינונג.

אלץ וואס איז ביז איצט געזאגט געווארן, קאן זיך אבער ניט פארגלייכן מיט זיין לעבנס אנשויאונג, סיי געזעלשאפטלעכער און סיי פערזענלעכער, ער איז אלע מאל דער פועלי ציוניסט, וואס אין פועלי ציוניזם איז אלץ איינגעשלאסן. ניט נאר פארלייקנט ער עס ניט, נאר זיין גאנצע עקזיסטענץ, איז איין גרויסער פארלאנג, איין גרויסע שטרעבונג פארווירקלעכן דעם פועלי ציוניזם אין אלע זיינע פארמען: סיי אין גלות, א פריי און שיין אידיש פאלק, אן אויפגעלעבטע אידישע שפראך און קולטור, סיי דער ענד ציל פון דער פארווירקלעכונג פון פועלי ציוניזם אין ארץ ישראל. דער סאציאליסטישער ציוניזם איז אן עיקר אין אלע זיינע געדאנקען און אין אלע זיינע חושים.

לאנגע, לאנגע יארן פון לעבן און ווירקן.

## באגריסונג פון ש. ניגער

צום ל. סיגאל יוביליי קאמיטעט:

עס פארדריסט מיך באמת, וואס איך קען נישט האבן קיין ממשותדיקן חלק אין דעם זאמלבוך, וואס איר גרייט זיך ארויסצוגעבן לכבוד דעם יובל פון חבר ל. סיגאל, דעם הויפט סעקרעטאר פון אידיש נאציאנאלן ארבעטער פארבאנד, און איינעם פון אונזערע פייאיקסטע און אי-בערגעגעבענע כלל טוערס. איך בין איצט צופיל פארנו-מען מיט וויכטיקע ארבעטן, אבער איך ווייס וויפל חבר סיגאל האט אין משך פון די 18 יאר אויפגעטאן פאר'ן אידיש נאציאנאלן ארבעטער פארבאנד, פאר דער אידי-שער פאלקס ארגאניזאציע, וואס איר איז אזוי טייער די אידישע פאלקס קולטור, און וואס וואלט וועלן, אז זי זאל געדייען און וואקסן אומעטום וואו עס לעבן אידן, און אויך דא ביי אונז אין אמעריקע.

מיר איז אויך אביסל באקאנט חבר סיגאל'ס פרוכט-באר'ע ראל אין דער מער דעמאקראטישער אידישער כלל טועריי, אויסער די גרעניצן פון פארבאנד, און איך ווינטש אים געזונט און כח און געדולד צו טראגן אויך ווייטער דעם שווערן יאך, וואס די אידישע געזעלשאפט-לעכקייט לייגט אויף אויף יעדן איינעם, וואס איז גרייט און פייאיק אים צו טראגן.

זאל ער האבן מזל אין זיין ארבעט און זאל אים גע-לינגען צו פארווירקלעכן אלע זיינע גוטע און שיינע כונות. איך ווינטש עס אים מיט חברשער אויפריכטיקייט.

אייער

ש. ניגער.



## Statement
*by*
## Dr. Israel Goldstein
*President*
ZIONIST ORGANIZATION
OF AMERICA

A dozen years of association with Louis Segal in many phases of Zionist endeavor such as Jewish National Fund, United Palestine Appeal and American Zionist Emergency Council, have impressed me with his sincerity, devotion and intellectual and practical vigor. In the Jewish National Workers' Alliance, Louis Segal has built up a great organization which is playing an important part in American Jewish life.

At the age of fifty, Louis Segal is at the height of his powers. May he continue to serve in the same high causes with undiminshed vigor.

מ. ל. בראון

# לואי סיגאל—חבר און פירער

פון א קליין שטעטל אין מינעסאטא, פון סט. פאול, איז ער געקומען, דער פראווינץ חבר, און האָט גלייך זיין פּלאַץ פאַרנומען אין גרויסן כרך, אין ניו יארק. ער האָט פאר זיך א וועג געמאכט, און איז א פירנדער חבר געווא־רען. היינט פילט ער זיך צווישן די ניו יארקער ווי א פיש אין וואסער.

לואי סיגאלן האָב איך דערקאנט אויף מיינע נסיעות איבערן לאנד. גאנץ אפט פלעג איך פירן אויף די פארזאמ־לונגען חברישע שמועסן, געווירקט אויף חברים אז זיי זאלן רעדן, זייערע מיינונגען ארויסזאגן. איך האָב געוואלט מער קאנען דעם עלעמענט פון חברים: פארוואָס זיי זיינען אריין אין פארבאנד, וואס זיי געפינען אין אים און וואס זיי וואלטן וועלן, אז ער זאל ווערן. האָט מען מיר אפט פאר־מאטערט מיט פראגעס און מיט קלאָץ־קשיות. אבער ס'זיינען געווען חברים, וועלכע פלעגן אנרירן גרונט־פרא־געס פון פארבאנד און זיינע געזעלשאפטלעכע און קול־טורעלע צילן. מאנכע פון די חברים זיינען געווען געבוי־רענע פירער, באוואוסטזיניקע, אידעאליסטישע. בין איך מודה, אז פון די חברים האָט מיר אפט פאראינטריגירט דער חבר פון סט. פאול, לואי סיגאל. זיינע פראגעס זיינען געווען יסודותדיקע. זיינע מיינונגען אייגנארטיק און אינ־טערעסאנט.

האָב איך אן אויג געוואָרפן אויף דעם חבר און אין מיינע באריכטן צו דער פארבאנד־לייטונג אפט איבערגע־געבן וועגן לואיס סיגאל אלס אן אנפירנדן חבר, וועלכער קאן פארנעמען אין פארבאנד א וויכטיקע פּאזיציע.

דאָס איז סוף־סוף געשען, און איך בין זייער צופרידן וואס איך בין ניט אנטוישט געווען אין אים. היינט איז לואיס סיגאל אן אנערקענטער פארבאנד פירער, וועלכער ווירקט בפנים און מחוץ דער פארבאנד מחנה. לואי סיגאל איז א דינאמישער כח, א קוואל פון ענערגיע. ער האָט א ברייטן פארנעם און גרויסע אמביציעס.

סיגאל פאַרקערפּערט די פּינקטלעכקייט פאר עקסע־לענץ; צייטנווייז פעדאנטיש, אבער זיין קאנסטרוקטיוו שאפן, זיין ארדענונג איז זיין גרעסטער שבח.

לואי סיגאל איז א חבר אין אמתן זין פון ווארט. זיין חברישע אפרוף ווארעמט אן, מונטערט אויף, מאכט גלויבן אין מיטמענטשן, אין חברשאפט.

לואי סיגאל איז א ניכטערער מענטש און א בעל חלומות אין דער זעלבער צייט. ס'קאן קלינגען פּאראדאק־סאל, אבער אזוי איז ער, לואי! ער איז א קעמפער, אגרע־סיוו, אנטשלאסן, ווייסט וואס ער וויל, און קאן צושווימען



צו א ברעג. מאכט ער א טעות, וועט ער זוכן אן אויסוועג. ער וועט זיך באמיען ניט אפטרעטן צוריק, וועט קעמפן פאר זיינע איבערצייגונגען. אבער ווען דאס רוב האָט בא־שלאָסן, וועט ער זיין דער ערשטער זיך אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין און העלפן דעם באשלוס דורכפירן.

דער פארבאנד איז זיין גלויבן, זיין צווייטע ליבע. ער איז אפט אייפערזיכטיק און פול מיט פארדרוס, אויב ער זעט אז דער פארבאנד ווערט מיספארשטאנען, קריגט ניט די געהעריקע אנערקענונג.

סיגאל איז א קעמפער פאר ארץ ישראל. מיט דער הסתדרות זוכט ער זיין געקניפּט און פארבונדן. אבער גלייכצייטיק איז ער ניט פון די בלינדע חסידים און פאר־שטייט, אז זיין איבערגעבנקייט צו ארץ ישראל באדארף ניט גיין אויפן חשבון פון זיין איבערגעבנקייט צום יידישן פאָלקס און ארבעטער לעבן אין אמעריקע און אנ־דערע לענדער. ער האלט שטארק פון גלות־ארבעט, פון עלעמענטארער און העכערער יידישער דערציאונג. דער־פאר מערקט זיך ביי אים א טיפער אינטערעס צום אידישן שול וועזן און צום יידישן לערער סעמינאר, וואס ער וואלט וועלן זען פארוואנדלט אין א יידישן קאלעדזש.

ער האלט פון יידישער אינטעליגענץ, קעמפט פאר יידישער קולטור, איז א הייסער אנהענגער פון יידיש. און דאך ווארפט ער אפט אריין אין זיין יידיש־רעדן ענגלישע זאצן; ס'איז א שוואכקייט זיינע, וואס קומט זיכער ניט פון גרינגשאצונג צו יידיש. אבער די גאס און סביבה ווירקן אויך אויף אים.

ער האָט ליב דאס פאלק, דעם פשוטן מענטשן. ער פילט זיך נאָענט צו אים, פארשטייט זיין שפראך, זיין מענטאליטעט און איז תמיד גרייט צו העלפן. ער איז ענג פארבונדן מיטן היגן לעבן, סיי אין ניו יארק, סיי אין דער פראווינץ. ער פארבאהאלט ניט זיינע מיינונגען; אפט זאגט

ער זיי ארויס גאנץ אגרעסיוו. האָט ער דערפאר געקראגן א נאָמען איבערן לאנד אלס מענטש, וועלכער האָט דעם מוט צו רעדן אפן, אפילו ווען ס'איז ניט זייער פאפולער.

ער פילט זיך גאנץ זיכער, פילט דעם באדן אונטער זיינע פיס; האָט ליב קלארקייט אין זיינע פארהאנדלונגען; שפילט ניט די דיפלאמאטישע ראלע. ווי יעדער געזעלשאפטלעכער מענטש און פירער, האָט ער אויך זיינע שווערע מאמענטן. אבער זיין געזונטער אינסטינקט איז גובר א דערדריקנדע שטימונג און פעסימיזם, וואס זיינען היינטיקע צייטן, אין א וועלט פון ביטערע אנטוישונגען און איבערלעבונגען, גאנץ נאטירלעך.

דער פארבאנד האָט אין סיגאלן א פעאיקן סעקרעטאר און פירער. אונטער אים איז דער פארבאנד גרעסער און ווירקזאמער געווארן, און איז היינט א גרויסער פאלקס־כח דאָ אין לאנד. 18 יאָר דינט ער ערלעך, מוטיק, און ענערגיש דעם פארבאנד אלס זיין גענעראל סעקרעטאר. דער לעצטער האָט אים געהאלפן צו ווערן פאפולער, מער באקאנט, האָט אים געלעגענהייטן געגעבן. און סיגאל צאלט אפּ דעם פארבאנד מיט זיין געטריישאפט און פליים. ס'איז א גוטער שדוך געשלאָסן געווארן.

אלס איינער, וועלכער קאן סיגאל א שיינע פאר צענדליק יאר, וועלכער האָט נאכגעפאלגט זיין אנטוויקלונג און אקטיוויטעטן, און זיי תמיד אפגעשאצט און אנערקענט, וויל איך חבר לואי סיגאלן ווינטשן לאנגע יארן פון פרוכטבארן שאפן, פון מונטערקייט, פון פירערשאפט.

איך בין אים דאנקבאר וואס ער האָט מיר, אין די יארן פון מיין לעבן אין ארץ ישראל, געהאלטן כסדר אינפארמירט איבער'ן פארבאנד און דער היגער באוועגונג.

איך באוואונדער אפט פון וואנען ס'נעמט זיך זיין כח, זיין ענערגיע, וויסנדיק ווי אין פערזענלעכן לעבן לעבט ער דורך שווערע־שווערע יאָרן פון ליידן. האָט ער ווייניקסטנס די באפרידיקונג, אז ער איז באהעפט מיט א מחנה פון חברים, וועלכע האָבן אים ליב, אכטן אים און ווינטשן אים דאס בעסטע וואס מען קאן ווינטשן א גוטן פריינד און חבר.

איך בין איינער פון זיי, און ברידערלעך־חברעש דריק איך זיין האנט צו זיין יום טוב, וואס איז אויך דער יום־טוב פון פארבאנד, און גלייכצייטיק שיק איך אים צו זיין 50 יאר פייערונג מיינע חברשע ברכות און הארציקע וואונטשן.

---

מרדכי קירשבלום

עקזעקוטיוו וויצע־פרעזידענט אמעריקאנער מזרחי

## לואי סיגאל—קעמפער פאר מאקסימום ציוניזם

איך באטראכט עס פאר א פארגעניגנספולער געלעגנהייט צו באַגריסן מיין פריינט, לואי סיגאל, צו זיין 50 יאָריקן געבורטסטאג, ווי אויך צו גראטולירן דעם פאַרבאַנד, וועמענס פארצווייגטע אקטיוויטעטן ווערן דערפאָלגרייך אָנגעפירט פאַר די לעצטע אַכצן יאָר (ח"י) פון אָט דעם דינאמישן און טיף־דורכגעדרונגענעם ציוניסט, אלס נאציאָנאלער גענעראל סעקרעטאר.

ווייניק זיינען די מענטשן צו וועמען כ'פיל אזא אויפריכטיקע פאַרערונג און אמת'ע חברשאפט ווי צו אייער יובילאר. ווייל לואיס סיגאל איז ניט דער טיפּיש־ענגהאַרציקער פארטיי־מענטש, ביי וועמען יעדער „אויסערלעכער" איז אונטער חשד און אויסער פארטרויאונגווערטיקייט. זיין לאָיאַליטעט צו די פּרינציפּן פון זיין פאַרטיי שטערט אים קיינמאָל ניט צו פאַרשטיין און אָפּטמאָל אפילו אויך פארטיידיקן אַן אידעאָלאָגישן קעגנער. שטאמט עס פון דעם וואָס סיגאל'ס סאמע ערשטע לאָיאַליטעט איז צום אמת און צו דער אויפריכטיקייט, ווי ער פּאסט עס אויף, און קיין כח קען אים ניט באוועגן צו פאַרנעפּלען און צו פארפּשרה'ן דאָס וואָס זיין געוויסן דיקטירט אים צו זאגן און צו טאָן.

די הארציקייט, העפלעכקייט, חבר'שאפט, און לירישקייט פון סיגאל'ן זיינען די וואפן וועלכע ברענגען אים אַזוי אָפט זיג און פאַרערונג, ווען ער קעמפט אַ פּרינציפּן קאמף קעגן אַן עקשנות'דיקער מאַיאָריטעט. דער דרך ארץ מיט וועלכן מ'הערט אויס זיינע ווערטער און די אויפריכטיקייט פון זיין טאָן צעשמעלצט די האַרטקייט פון דער אָפּאָזיציע און די קעגנערשאפט הויבט אָן נאָכצוגעבן און גייט איין אויף א קאָמפּראָמיס. דערין באַשטייט סיגאל'ס גרעסטער אויפטו אין די אינטערציוניסטישע קערפּערשאפטן צו וועלכער ער באלאנגט און אין וועלכע ער קעמפט שטענדיג פאַר'ן מאקסימאלען ציוניזם.

אָפיציעל איז סיגאל אַן אידעאלאָגישער קעגנער פון מזרחי. רעדט מען אבער מיט אים אינטים — פריוואט הערט זיך פון זיין שטימע די טיפע איינגעווארצלקייט פון אידישער טראדיציע, אמת'ער גלויבען אין ג'ט און א פולשטענדיקע צוגעבונדנקייט צו פולבלוטיקער אידישקייט. זיין רבנ'ישער אפשטאם האָט געלאזן אין אים דעם שטעמפל פון טרייהייט צו אידישע אידעאלן, אידישן וויסן און אידישע פרינציפּן אויסגעהאלטענקייט.

צוזאמן מיט זיינע טויזענטער פארערער ווינטש איך חבר סיגאַל'ן צענדליקער יאָרן פון פרוכטבאַרער ארבעט פאר דער פולשטענדיקער רעאליזירונג און ווייטערער פארזעצונג פון אונזערע שטרעבונגען פאר ארץ ישראל אלס אידישע מדינה.

פ. גינגאלד.

# אידישע דערציאונג אן אויפגאבע פאר אלע דורות

איך שרייב דעם ארטיקל פאר דעם זשורנאל וואס ווערט ארויסגעגעבן לכבוד ל. סיגאל׳ס 18-50 יאר. מיט די ווער־טער וויל איך אים אויסדריקן מיין גרויסע אנערקענונג פאר זיין מוטיקער און איבערגעבענער טעטיקייט, פאר זיי־נע גרויסע פארדינסטן אויף אלע געביטן פון אידיש גע־זעלשאפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט. עלה והצלח!

אידישע דערציאונג איז שטענדיק געווען און איז אויך היינט די וויכטיקסטע אויפגאבע פון אונזער דור. עס זיי־נען דא אידייען וואס זיינען פארבונדן מיט געוויסע עפאכן, וועלכע קומען אויף מיט געוויסע געשעענישן און ענדערונגען, אנדערש איז אבער מיט קינדער דערציאונג, וואס איז אן ארבעט וועלכע איז ניט אפהענגיג פון אומ־שטענדן אדער באשטימטן פלאץ. וואו א איד זאל ניט זיין, אין וועלכן וועלט טייל ער זאל זיך ניט געפינען, אפגעזען צו ער איז רייך אדער ארעם, אויב נאר ער וויל אז דער נאציאנאלער לעבן פון זיין פאלק זאל ניט אפגעהאקט ווע־רען, מוז ער געבן זיין קינד א אידישע דערציאונג.

די וויכטיקייט פון קינדער דערציאונג האבן אידן אויפגעפאסט אסך פריער ווי אנדערע פעלקער. געקומען איז דאס צו אידן זיכער דערפון, וואס אידן האבן שטענדיק געהאט א סך גייסטיקע אוצרות און זיי האבן די אוצרות געוואלט איבערגעבן צו זייערע קינדער, אז זייערע קינדער זאלן עס איבערגעבן צו זייערע קינדער און אזוי עד סוף כל הדורות. לערנען מיר דאך שוין אין חומש אז אידן זא־לען דעם געבאט פון ליב האבן גאט איינלערנען מיט זייערע קינדער און אז זיי זאלן דערציילן זייערע קינדער פארוואס אידן זיינען אויסגעלייזט געווארן פון מצרים. וואס קינ־דער דערציאונג האט געמיינט פאר אידן האבען מיר אבער געזען אין דעם יאר 64 פון היינטיקער צייט רעכענונג, דאס הייסט מיט אכצן הונדערט און איין און אכציק יאר צו־ריק, ווען דער תנא יהושע בן גמלא האט איינגעשטעלט א דערציאונגס סיסטעם פאר אלע אידישע קינדער אין אלע שטעט און דערפער. דער תלמוד גיט איבער דעם פאל אויף זייער אן איינדרוקספולן אופן: דערפאר דארפן מיר גע־דיינקען צום גוטן דעם מאן וועמענס נאמען איז יהושע בן גמלא, ווייל א דאנק אים איז די תורה ניט פארגעסן געווארן ביי אידן. צו ערשט פלעגט לערנען תורה א קינד וועלכער האט געהאט א פאטער, אבער א קינד וואס האט קיין פא־טער ניט געהאט האט ניט געלערענט קיין תורה.. ביז עס איז געקומען יהושע בן גמלא און ארהנזשירט אז לערער פאר קליינע קינדער זאלן זיך געפינען אין יעדער פראווינץ און אין יעדער שטאט און אז די קינדער זאלן אנהויבן לערנען פון זעקס און זיבן יאריקן עלטער.״

עס איז דאך זייער אינטערעסאנט אז אידן האבן זיך שטענדיק געזארגט טאמער וועט חלילה ביי זיי די תורה פארגעסן ווערן. ווען בן גמלא האט איינגעפירט אז עלטערן מוזן שיקן זייערע קינדער לערנען, זיינען די אידן דאך דער־מאלט נאך געווען אין ארץ ישראל. עס איז דאך געווען די צייט פון תנאים און גרויסע אקאדעמיעס פון תורה. אידן האבן אפילו אונטער דער רוימישער הערשאפט געלעבט לויט דעם אידישן לעבנס שטייגער. דאס אידישע לאנד איז דעמאלט פול געווען מיט תלמידי חכמים און פון דעסט־וועגן האבן זיי זיך אלץ געשראקן טאמער וועט די תורה פארגעסן ווערן. זייער שכר איז טאקע געווען אז די תורה איז ניט פארגעסן געווארן אין זייער צייט.

די גרויסע באהויפטונג אז „נצח ישראל לא ישקר״ אז דאס אידישע פאלק איז אייביק, האט אונז זיכער געבראכט א סך נוצן אין פארלויף פון אלע דורות. דאס האט גע־שטארקט די אמונה אין די אידישע הערצער אין די שווער־סטע און ביטערסטע צייטן. דאס האט געוועקט די האפע־נונג אז עס וועלן אנקומען בעסערע צייטן. אין דער דאזיקער באהויפטונג ליגט אבער אויך א גרויס געפאר. אסך אידן זיינען אזוי זיכער אז דאס אידישע פאלק וועט ניט אונ־טערגיין אז זיי טוען גאר ניט כדי דאס פאלק צו דערהאלטן ביים לעבן. דער ריינער אמת איז דאך אבער, ווי טרויעריק דאס זאל ניט זיין, אז דאס אידישע פאלק גייט יע אונטער אויב מען זארגט ניט פארן אידישן לעבן און ווען מען דער־ציט ניט די קינדער אויף די אוצרות פון אידישן פאלק.

וואס איז געשען מיט דעם בליענדיקן אידישן לעבן אין אלכסנדריה, איז ער ניט אונטערגעגאנגען? וואס איז גע־שען מיט גרויסע עדות אידן אין איטאליע, פראנקרייך און דייטשלאנד, דענעמארק און אנדערע לענדער, האבן זיי זיך אנטוויקלט און געווארן גרויס אין צאלן לויט דער נאר־מאלער פראפארציע פון דער גאנצער באפעלקערונג? האט דאך דער רוצח היטלער, ימח שמו וזכרו, אפגעציילט אין דייטשלאנד ביי זיין ארייןקומען אין מאכט, זעקס הונדערט טויזנט אידן און נאענט צו צוויי מיליאן אידישע נפשות וועלכע זיינען געווען אנטלאפענע פון אידישקייט, אדער פארמישט אין דער דייטשישער באפעלקערונג און זיינען געווען בלויז האלבע, פערטל אדער אכטל אידן.

אויפצוהאלטן אידישקייט איז שטענדיק געווען א גאנץ שווערע ארבעט. אפשר ליגט עס טאקע אין דעם אידישן ווערטל „שווער צו זיין א איד״. דערפאר האט טאקע יע־דער אידישער דור געזארגט פאר׳ן אויפהאלט פון אידנ־טום. דערפאר איז טאקע אידישע דערציאונג ביי אידן דערהויבן געווארן צו אזא הויך און דערפאר האט יעדע

אידישע מאמע פארוויגט איר קינד מיט די הארציקע ווער־טער „ראזינקעס מיט מאנדלען איז די בעסטע סחורה, און מיין קינד וועט לערנען תורה”.

אונזער ציוניסטישע ארבעטער באוועגונג ווי שטארק זי זאל זיך ניט אויסצייכענען אין גרויסע אידישע אקציעס, אויב אבער זי וועט ניט טאן איר חלק אויפן געביט פון אי־דישער דערציאונג וועט זי האבן געפעלשט אין איר נאצי־אנאלער מיסיע. מעגן מיר ריידן וויפל מיר ווילן וועגן „המשך” און „בויען דאס אידישע לעבן” דאס וועלן אלץ זיין פוסטע רייד, אויב מיר וועלן פארנאכלעסיקן דאס אידישע קינד און אים ניט דערציען צו אידישער תורה און מעשים טובים.

און זאלן דא די ציניקער און בייזע צינגער אין אונ־זערע רייען ניט געפינען קיין פתחון פה, און זיך אנהויבן חכמה'נען אז מיר דערציען ניט די קינדער צו תורה און מעשים טובים. עס איז שוין צייט אז מען זאל יענע מענשן רופן צו פאראנטווארטלעכקייט. עס איז דאך ממה נפשך, אדער זיי גלויבן אין די אידייען פון זייער אייגענער ציו־ניסטישער ארבעטער באוועגונג אדער זיי זיינען פרעמדע ביי אונז. ווייל וואס זיינען אונזערע אידישע פאלק שולן, אויב ניט די פארקערפערונג פון אונזער באוועגונג און אירע אידעאלן? וואס לערנען מיר מיט אונזערע קינדער, אויב ניט דאס וואס אונזער ציוניסטישע ארבעטער באווע־גונג אין גלות און אין ארץ ישראל האלט פאר טייער?

אין די נאענט צו 75 לערן אינסטיטוציעס וואס אונ-זער אידישע פאלק שולן באוועגונג פארמאגט אין די שטאטן און אין קאנאדע, לערנט מען אלע יענע למודים וואס ברייגען דאס אידישע קינד נאענט צום אידישן פאלק, צום אידישן מארטירערטום און צו אידישע גאולה אידעאלן. יעדער שעה וואס א קינד פארברענגט אין א אי־דישער פאלק שול ווערט עס אנגעזאפט מיט ארץ ישראל, מיט ליבשאפט צום אידישן פאלק און צו אידישע גייסטיקע ווערטן. אוודאי וואלטן מיר אלע געוואלט אז די קינדער אין אונזערע שולן זאלן זיך אויסלערנען מער העברעאיש, מער תנ'ך, מער אידישע טראדיציעס און מער אידיש. די פראגע אבער וויפיל א קינד לערנט זיך אויס ווענדט זיך ניט אין דער שול פראגראם, נאר אין די גוטע אדער שלעכ־טע תנאים אין וועלכע די שול איז אוועקגעשטעלט געווארן. אין אונזערע גוטע שולן דערגרייכן מיר גאר א סך, אין אונזערע שולן וועלכע זיינען אבער ארעם אוועקגעשטעלט געווארן, וואו קינדער דערהאלטן זיך ניט מער ווי א פאר יאר, לערנען מיר זיי אויך אוים א ביסל פון די סאלידע ידיעות און גאר א סך פון באציאונג צו אידישע ווערטן און צום אידישן לעבן.

די פראגראם פון אונזערע פאלק שולן איז אן אלזייטיקע און נעמט ארום די וויכטיקסטע פאזן פון אונזער קולטור און אירע אידעאלן. אונזער שולן באוועגונג וואלט זיכער געקענט ווערן א מוסטער פאר דער אידישער דער־ציאונג אין אמעריקע, ווען אונזער באוועגונג וואלט נאר געהאלפן אוועקצושטעלן אונזערע שולן אויף א געזונטן באדן.

זאלן אלע אונזערע חברים און חברות וויסן אז די אי־דישע פאלק שולן פארטיפן כסדר זייערע למודים און ברייטערן אויס דעם סכום פון אידישע אינטערעסן. א אידישע פאלק שול האט זיך געדארפט געפינען אין יעדער אידישער שטאדט און אין יעדער געגנט וואו עס וואוינען א געניגנדיקע צאל אידישע מענטשן. און זאלן אונזערע חברים געדיינקען די גאלדענע רייד פון אונזער גרויסן ביאליקן אז „העליון שבתפקידים שלנו הוא-תפקיד החנוך” אז דאס העכסטע צווישן אונזערע אלע אויפגאבן איז די אויפגאבע פון דערציאונג.

**צוויינגן און אינסטיטוציעס פון דעם פארבאנד**
**אין פילאדעלפיע און אומגעגנט**

35 צווייגן, מיט קנאפע 4,000 מיטגלידער
5 פאלקשולן אין פילאדעלפיע מיט 300 קינדער
איין מיטל־שול (פילאדעלפיע)
א קינדערגארטן (פילאדעלפיע)
אן אייגענעם פארבאנד צענטער (פילאדעלפיע
אן אייגענעם שולן צענטער (פילאדעלפיע)
צוויי ביבליאטעקן (פילאדעלפיע)

# ISRAEL MEREMINSKI

*American Representative of the*

***Histadruth***

GENERAL FEDERATION OF JEWISH LABOR IN PALESTINE

510 WEST 112th STREET — NEW YORK 25, N. Y.

MOnument 2-5809


דעם 28טן מאי, 1945

צו דעם ל. סיגאל יובילויי קאָמיטעט,
פילאדעלפיע, פּא.

טייערע חברים:

איך דאנק אייך זייער פאר דער איינלאדונג צום לואיס סיגאל באנקעט.

אז איך זע א 50-ער אזוי לעבעדיק, טעטיק, ברויזיק, איניציאטיוו-רייך און קאמפּס-לוסטיק פאר אונדזערע דאָ-איקע און דאָרטיקע און אָרגאניש אידיש סאָציאליסטישע ארבעטן—האָב איך נאָר איין וואונטש — ר'זאָל מאריך ימים זיין און קאָנען וואָס ווייטער אלץ שטארקער איינזאפּן אין זיך אידיש צער און חלוצישן ארץ-ישראל אויפבוי גייסט און אימפּעט—און שטעלן דאָס אלץ אויך ווייטער צו דינסט פונ'ם פארבאנד, באוועגונג, אידיש פאָלק און דאָס ארבעטנדע ארץ-ישראל.

מיט חבר'שע גרוסן פאר אלע פונפציקער, פאר און נאָך פופציקער, וואָס ברענגען מיט תאוה פון ארבעט און פרייהייט.

אייער,

ישראל מרמינסקי



# באַגריסונג פון פרץ הירשביין

איך באגרים ל. סיגאל, סעקרעטאר פון אידיש נאציאָנאלן ארבעטער פארבאנד

## צו זיינע פופציק יאָר.

וואָס איז פופציק יאָר אין דעם לעבן פון אונזער פאָלק?

אָבער אין די לעצטע פופציק יאָר איז קיין גרויסער נחת ניט געווען. פון א פאָלק פון זעכצן מיליאָן זיינען מיר געוואָרן עלף מיליאָן. צרות האָבן זיך געקליבן ארום דעם אידישן מענטשן וואָס וויל זען אונזער פאָלק אויף איין אָרט און דער עיקר אין ארץ ישראל.

לאָמיר האָפן אז נאָך דער איצטיקער מלחמה וועט מען זען אז עס זאָל זיין א וועלט אָן רשעות, פעלקער מיט פעלקער וועלן זיך מיט ליבשאַפט אָנקוקן אין די פנימער, און מיר ווי א פאָלק, וועט מען אונז דערקענען אז אין אונז איז דער כח צו לעבן אייביק און דערזען די בעסערע וועלט וואָס אונז אידן איז צוגעזאָגט געוואָרן.

ווינטש איך אייך ליבער ל. סיגאל, צו דערלעבן דעם אָנהויב פון א בעסערער וועלט, און אז דער בוי פון ארץ ישראל פאר אידן, זאָל ווערן דער פראָבלעם פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט.

לעבט לאַנג, ליבער ל. סיגאל, און זיין געזונט און שטארק, ווי עס ווינטשט אייך אייער

פרץ הירשביין

# א פארדינטער יום טוב

פון א. העמלין

(צו דער יובל פייערונג פון חבר סיגאל)

די גאנצע פארבאנד משפחה, צעשפרייט איבער הונדערטער שטעט אין די פאראייניקטע שטאטן, פייערט איצט א וויכטיקע דאטע — דעם 50־יאריקן יובל פון לואיס סיגאל, און זיינע 18 יאר טעטיקייט אלס גענעראל סעקרעטאר פון פארבאנד.

סיגאל׳ס יובליי־יום טוב איז א כשר פארדינטער. 18 יאר פון סיגאל׳ס טעטיקייט אין פארבאנד זיינען 18 יאר בארג־ארויף פון פארבאנד, פון כסדרדיקער אנטוויקלונג און פאראויס-מארש פון דער באוועגונג, און פון וויכטיקע דערגרייכונגען אויף אלע טעטיקייט׳ס פעלדער פון ארבעטער ציוניזם אין אמעריקע.

חבר סיגאל׳ס פארדינסטן זיינען גרויסע, באזונדערס ביים אויסברייטערן די הסתדרות טעטיקייט ביים פארבאנד, האט ער פארעפנטלעכט אן ארטיקל אין „פארבאנד שטימע" וועגן דער נויטיקייט פון גרינדן טרייד יוניאן ליגעס פון ארץ ישראל. אויך אנדערע טוער פון דער באוועגונג האבן אין די יארן 1923-24 ארויסגערוקט א רייע פארשלאגן ווי צו ווארפן בריקן צווישן דער אידישער ארבעטערשאפט אין ארץ ישראל און אמעריקע און אויפבויען א גרויסן ארבעטער און פאלקס כח פאר דער הים־טארישער ארבעט פון דער הסתדרות.

אין 1924 איז טאקע געגרינדעט געווארן דער געווערקשאפטן קאמפיין. די היסטארישע פארזאמלונג אין קופער יוניאן, ווען דער פארשטארבענער מאקס פיין האט פייערלעך דערקלערט אז די אידישע ארבעטערשאפט האט אראפגענומען דעם חרם אויף ארץ ישראל, ליגט נאך אלעמען אין זכרון. זינט דאן האט סיי דער פארבאנד און סיי דער געווערקשאפטן קאמפיין דורכגעמאכט א גוואלטיקע אנטוויקלונג. דער פארבאנד איז אויסגעוואקסן פון 6 טויזנט מיטגלידער ביז קרוב צו 25 טויזנט. דער געווערקשאפטן קאמפיין איז דערגאנגען פון 51 טויזנט דאלאר א יאר ביז קרוב צו אנדערהאלבן מיליאן, געזאמלט היי־יאר אין 450 שטעט פון די 48 שטאטן און אלע פראווינצן פון קאנאדע. דער פארבאנד איז געווארן א גרויסע אידישע פאלקס ארגאניזאציע, וואס האט צוגעצויגן די טרייסטע פאלקס עלעמענטן אין גאר א גרויסער מאס צוליב זיין וואכזאמער און טרייער באציאונג צו ארץ ישראל. די ארבעט פאר דער הסתדרות, פארן געווערקשאפטן קאמפיין, האט אויפגעהויבן דעם פארבאנד און אנטפלעקט אין אים די שענסטע שטריכן פון יום טובדיקער, דערהויבענער, נאציאנאל-ראמאנטישער אידישקייט.

פון דער צווייטער זייט, האט דער געווערקשאפטן קאמפיין צו פארדאנקן זיין שנעלן וואוקס און דעראבערונג פון גרויסע מאסן אין א באדייטענדע מאס צו די ברענטשעס און טוער פון איד. נאצ. ארב. פארבאנד, האט חבר סיגאל גאר גרויסע פארדינסטן.

מיט א טיפער צופרידנקייט שטרייך איך אונטער ביי דער געלעגנהייט אז צווישן די פארבאנד טוער ווערט אלץ טיפער דער באוואוסטזיין, אז דער געווערקשאפטן קאמפיין איז ניט נאר א פאנד־זאמלונג פאר ארץ ישראל, וואס איז אליין פאר זיך שוין זייער וויכטיק — נאר ער שטעלט מיט זיך פאר א גרויסע, פארשידנפארביקע פאלקס באוועגונג, וואס ווירקט דערציערעש צווישן ברייטערע שיכטן פון דער אידישער אמעריקע און איז דער וויכטיקסטער כלי זיין דורך וועלכן מיר האבן דעראבערט די מיטהילף פון דער אידישער און ניט-אידישער ארבעטערשאפט אין אמעריקע פאר אונזער גרויסער זאך — דעם אויפבוי פון ארץ ישראל אין גייסט פון צדק און יושר — אין גייסט פון דער הסתדרות.

טא זאל די יובל־פייערונג פון חבר סיגאל דינען ווי א וויטערדיקער שטאפל אין כסדרדיקן בארג־ארויף פון פארבאנד צו גרויסע מעשים פאר דער באפרייאונג פון אונזער פאלק און לאנד.

זאל דער פארבאנד ווערן דער שטארקער דינאמישער כח וואס זאל זוכה זיין צוזאמען מיט דער אידישער ארבעטערשאפט און אלע פאלקס שיכטן צו פארווירקלעכן די גרויסע אויפגאבע פון אונזער דור — עטאבלירן ארץ ישראל אלס א אידישע קאמאנוועלט אין א פרייער דעמאקראטישער וועלט.

# לואי סיגאל, דער איד און דער כלל־טוער

(אַ באַגריסונג)

פון מאיר ווייסגאל

עס זיינען דא ווייניק מענטשן אין אונזערע רייען וואָס האָבן די לעצטע 20—25 יאָר געהאט די זכיה צו קאָנען טאָן דאָס, וואָס לואי סיגאל האָט באַוויזן צו טאָן, אלס איד און אלס כלל־טוער.

לואי סיגאל איז א גאנצער איד, מיט אלע חושים, מיט זיין גאנצן וועזן. קיין זאך, וואָס רירט אָן אידישע אינטערעסן, איז אים ניט פרעמד. ער האָט פאר אלץ דעם טיפסטן אינטערעס. הילף, עקאנאמישע פראגן, קולטור, די ארגאניזירונג פון די מאסן און פון אידישן פאָלק בכלל, זיינען דער שטח פון זיין טעטיקייט, פון זיין טאָג־טעגלעכן טראכטן און טאָן. אלץ וואָס איז אידיש, איז זיינס: פראגן פון שעה און פראגן פון אייביקייט, גלות און ארץ ישראל, אינטערעסן פון גוף און אינטערעסן פון גייסט, דער אידישער יחיד און דער אידישער כלל.

אלס כלל־טוער פארנעמט ער שטענדיק אָן אייגענעם פלאץ, וואו ער זאָל זיך ניט געפינען. ווארים ער באַוויזט תמיד צו האָבן אַ קלאָרן שטאַנדפונקט. ער שטייט פעסט אויף פרינציפן, ניט שרעקנדיק זיך פאר קיין קאָנסעקווענצן. דאָס פירט דערצו, אז מען הערט זיך צו צו זיין שטאַנדפונקט, צי איז מען מיט אים מסכים, צי ניט; צי רעדט ער אידיש צו זיינע נאָענטסטע חברים אָדער ענגליש צו מענטשן, וואָס דארפן קנייטשן דעם שטערן איידער זיי פארשטייען אים ווי עס געהער צו זיין. איך קאָן עדות זאָגן, אז אין די אַלגעמיין־ציוניסטישע קרייזן און אין די ציוניסטישע וועלט-קרייזן, וואו מען איז ניט דוקא איינפארשטאנען מיט סיגאל'ן אלעמאל, האָט זיין וואָרט האפט, און מען שענקט עס ערנסטע אויפמערקזאמקייט.

סיגאל האָט פיינט פשרות, אָבער ער איז ניט פון יענער חברה וואָס זאָגט „יעבור עלי מה", ער זאָגט זיך אָפּ זיינס — און בלייבט פערזענליך פריינטלעך אפילו מיט זיינע געגנער. ער האָט פאר יעדן א גוט וואָרט, א גלעט איבער דער פלייצע. ער לאָזט תמיד די טיר אָפן, ווארים ער ווייסט אז דאָס לעבן איז ניט קיין גראדע ליניע, נאר עס גייט מעשה זיג־זאגען, דא צעגייט מען זיך און ערגעץ אויף א ווייטערדיקן פונקט קאָן מען זיך נאָכאמאָל טרעפן. דערפאר זעט מען סיגאל'ן אמאָל שטיצן אַ שטאַנדפונקט פון „מזרחי" און אָן אנדערס מאָל איז ער אין דער געזעלשאפט פון א סאָוועטישן טוער אָדער פון א ראדיקאלן אַמעריקאנער ארבעטער פירער. אָט זעט איר אים צווישן אויסגעשפראָכענע אידישיסטן און אָט פארטיידיקט עס דאס לערנען פון העברעאישע למודים.

סיגאל איז פון אלע ציוניסטישע ארבעטער־טוער אפשר דער פראקטישסטער מענטש. א סימן — דער דערפאָלג פון אידישן נאציאָנאלן ארבעטער פארבאנד, פון וועלכן ער איז די נשמה. דער פארבאנד איז איינע פון די וועניקע אידישע פאָלקס־אינסטיטוציעס, וואָס ווערט געפירט ווי א גוטע געשעפטס־אונטערנעמונג, מיט א סדר, מיט פאראנטווארטלעכקייט, מיט פינקטלעכקייט, מיט א סטאף, וואָס ווייסט, אז עס איז דאָ א בעל־הבית און מען מוז אָפּגעבן דין וחשבון. אָבער אין דער דאָזיקער גוט-עטאבלירטער געשעפטס־אונטערנעמונג איז פאראן אויך גייסט. די קולטור־ליניע פון פארבאנד איז באקאנט, זי האָט געמאַכט געשיכטע אויף דער אידישער גאס אין אמעריקע, אָבער אומעטום וואו סיגאל און זיינע נאָענטסטע מיטארבעטער אין פארבאנד קומען, פילט זיך דער דאָזיקער גייסט. מען גיט מיר איבער, אז אפילו צווישן די פועלי־ציון פארנעמט סיגאל א באזונדער פלאץ, און דער פארבנאד האָט זיך דאָרט זיין פּאָזיציע בנוגע א סך פראָבלעמען. עס פעלט ב"ה אונזער פריינט די אַמאָליקע איסט־סאַידער אָפּגעלאָזענקייט און, זאָלען מיר זאגען, בטלנות, אבער ער איז אויך ניט דער געשעפטס־מעסיגער יוניאָן־פירער טיפּ, וואָס מיר קענען. — סיגאל איז אַ גייסטיקער מענטש אפילו ווען ער האָט צו טאָן מיט פרוטות און מיט געלט באַלאַנסן. ער איז א קוואל פון קאָנצענטרירטן דענקען און פון פלאנמעסיקער אויספירונג פון אָנגענומענע באשלוסן.

אין אמעריקאנער אידישן לעבן איז די לעצטע יאָר געווארן א מאָדע ארויפצוקוקן צו די אויסגעשטודירטע „סאָשעל סוירוויס" מענטשן, מען דערציט זיי ווי, א שטייגער, מען דערציט זשורנאליסטן אין די „סקולס אָוו זשוירנאַליזם", אָבער איינגעבוירענע פעאיקייטן, טאלאנט זיינען נאָך אלץ דאָס וויכטיקסטע. סיגאל איז דורכגעגאַנגען זיין אייגענע „שולע", אָבער ער איז דער פיינסטער טיפּ פון א אידישן „סאָשעל סוירוויס" מענטשן. פראָפעסיאָנעלע כלל־טוער ביי אונז קאָנען זיך פון אים א סך לערנען.

איך באגרים מיין פריינט לואי סיגאל צו זיין יום טוב פון טיפן הארצן און ווינטש אים א סך יאָרן פרוכטבארע טעטיקייט פאר'ן וואויל פון אונזער צעבלוטיקט פאָלק.

# ל. סיגאל דער בעל תופס און בעל מסביר

פון דר. מ. י. קאליש

צו וועלן געבן אן אויספירלעכע אפשאצונג פון ל. סיגאלס לעבן און ווירקן, איז איין זאך, און דאס קענען באווייזן איז גאר אן אנדער זאך. זיינע אינטערעסן און בייטראגן צום אלגעמיינעם אידיש געזעלשאפטלעכן לעבן, צום אידישן ארבעטער לעבן און באזונדערס צו דער סאציאליסטיש־ציוניסטישער באוועגונג זיינען אזוי פארצווייגט און וואגיק, אז נאר זיי צו פארצייכענען אליין, פאדערט זיך מער פלאץ, ווי עס ווערט דערלויבט אין אזא באשרענקטן ארטיקעל פון א יובילייאויסגאבע.

זיין ווירקן און זיין טעטיקייט, איז ניט באגרענעצט צו איין באשטימטן געביט אדער צו א באשטימטן ארט. ער לעבט און ווירקט אין נ. י. אבער אט איז ער אין קאנאדא, אט אין קאליפארניע און אָט ווערט מען גאר געוואוירע פון דער פרעסע, אז ער ווייזט אין מעקסיקא. אָט איז ער אין וואשינגטאן, וואו ער פירט פארהאנדלונגען מיט פארשטייער פון אמעריקאנער אינערן דעפּארטמענט וועגן קאלאניזירן אידן אין אלאסקא, און מיט אמאָל דערוויסט איר זיך אז חבר סיגאל פירט געשפרעכן מיטן סאוועטישן אמבאסאדאר אין מעקסיקא.

אָט העלפט ער אין דער גרינדונג פון א פארזיכערונג געזעלשאפט — הסנה — אין ארץ ישראל, איז אקטיוו אין דער גרינדונג פון דער ציקא, און גיט זיך אפּ צו באשאפן אן ארבעטער דעפּארטמענט ביים נאציאנאל פאנד. פאלג מיך א גאנג און פאר אים נאך, און גיב א גענויע אפשאצונג פון זיינע פילפאכיקע טעטיקייטן.

כאָטש איך קען חבר סיגאלן, מיר דאכט זיך, פאר די גאנצע 18 יאָר וואָס ער איז פאַרבונדן מיט דעם אידיש נאציאָנאלן ארבעטער פארבאנד, אין וועלכן איך אליין נעם אן אקטיוון אנטייל, דאך, האָב איך קיינמאָל ניט געהאט די געלעגנהייט צו פארברענגען מיט אים א לענגערע צייט אויף א פריוואטן און אינטימען אופן. איך קען חבר סיגאל פון א געוויסער דיסטאנץ, פון דער פלאטפארמע, פון פירן פארזאמלונגען, פון דיסקוסיעס און באראטונגען ביי דער גענעראל עקזעקוטיווע. א דאנק אָט דער דיסטאנץ, ווייזט זיך מיר אוים האָב איך געקאנט אויף אן אביעקטיוון אופן שטודירן אונזער פארדינסטפולן יובילאר און אויפכאפן די הויפּט כאראקטער־שטריכן פון זיין פערזענלעכקייט.

חבר סיגאל צייכנט זיך נאָך מיין מיינונג אוים מיט צוויי הויפּט אייגנשאפטן. זיי זיינען: תפיסה און הסברה. ער האָט די זעלטענע פייאיקייט אויף שנעל תופס צו זיין דעם קאָמפּליצירטסטן ענין, אים בליץ שנעל אויפכאפן און אים דערקלערן אויפן ארט, אויף א פשוטן און קלארן אופן, אז דער דורכשניטלעכער מענטש זאל עס קענען פארשטיין און באגרייפן. א דאנק אָט די פייאיקייטן איז ער שטארק דערפאלגרייך אין קאמיסיע־פארהאנדלונגען און שטארק פאפולער און באליבט צווישן די פארבאנד־חברים. זיין אנאליטישער מח, זיין פייאיקייט מסביר צו זיין, צו דערקלערן אן ענין, לייזן א פראבלעם, האָט אים פארשאפט א גרויסע צאָל אָנהענגער, מען קען זאָגן, אפילו חסידים. די פארזאמלונגען וואס חבר סיגאל אדרעסירט, זיינען פון די בעסט באזוכטע, ער האָט אלע מאָל א גרויסן עולם, און דאס איז ניט דערפאר ווייל ער איז א געפליגלטער רעדנער, שפילט זיך מיט פראזן, נאר דערפאר וואס ער קאן זיך מאכן פארשטענדלעך. חבר סיגאל האָט דעם טאלאנט פון א באגאבטן פּעדאגאג, ער איז א קינסטלער אויסטייטשער און פארטייטשער. ווען חבר סיגאל, באהאנדלט די שווערסטע פראגע, זאגן מיר חברים, ווערט זי פאר אונז קלאר. מיר גייען אהיים מיט'ן געפיל, אז מיר האָבן עפּעס געלערנט, אז ער האָט אויפגעוויקלט א פארפלאנטערטן קנויל, און עס פארבלייבט אין זכרון.

איך דערמאן זיך, ווען איך בין געווען א סטודענט, האָבן מיר געהאט א פראפעסאר וואס האָט געלייענט לעקציעס אין פיזיאלאגיע. א מענטש וואס האָט געטאן אריגינעלע פארשונגס ארבעט אויף דעם געביט און געשריבן ביכער, וואס מען האָט גענוצט אין קאלעדזשעס, אבער זיינע לעקציעס זיינען ניט געווען פארשטענדלעך, ער האָט ניט פארמאגט דעם כח הדבור און די פייאיקייט קלאר צו מאכען א געדאנק. ער האָט עס, ווייזט אוים, געפילט, און כמעט יעדעס מאָל ווען ער איז פארטיק געווארן מיט זיין לעקציע, פלעגט ער פרעגן: „איז איט קליר?" און ווי איין מענטש פלעגט דער גאנצער קלאס, ענטפערן, אין דער שטיל געוויינטלעך, „קליר עז מאד".

דערפאר ווייל די נאטור האָט סיגאלן באשאנקען מיט אזעלכע צוויי מתנות: תפיסה און הסברה, האָט ער אזא גרויסן איינפלוס און ווירקונג אויף מענטשן, זיי הערן און פארשטייען אים. מהאי טעמא, ווייל חבר סיגאל האָט אזא כח אויפצוכאפן דערשיינונגען און אויף זיי רעאגירן, פרעג איך זיך אפט מאָל: ווי קומט עס וואס ער לאזט פארבייגיין אזא דערשיינונג אין אמעריקאנער אידישן לעבן, ווי דאס פארלאזטע פעלד פון אידישער דערציאונג? ספּעציעל אונדזער וועלטלעכע אידישע דערציאונג. באמערקט ער גאר ניט, דאס אנשטאט צו פארגרעסערן, גייען מיר גאר אויף צוריק? און דא וויל איך טאקע ריידן ניט אויפן וואונק, נאר קלאר דערמאנען דעם מצב פון אונדזערע אייגענע פארבאנד פאלקשולן, ווי קומט עס וואס חבר סיגאל, וועלכער איז אזוי אקטיוו אויף פארשידענע געבי־

טען האָט ניט קיין צייט אדער זאלן מיר זאגן, קיין ווילן זיך אפצוגעבן מיט שול ארבעט. מיינט ער אז דערציהונג איז אַ מינדערוויכטיקער ענין? ווייסן מיר דאָך אז ער האָט א פּאָזיטיווע באַציאונג צו שול און קולטור ארבעט, וואָרום זאל אזא מענטש ווי סיגאל, מיט זיינע פיאיקייטן און איינפלוס, ניט אפּגעבן מער צייט פאר אונזערע שולן? דארף איך דען אויפמערקזאם מאכן דעם גוט אינפארמירטן סיגאלן אז מיר האָבן איצט ווייניקער שולן אין אמעריקע ווי מיר האָבן געהאט? איז דען נויטיק סיגאלן צו דערקלערן, אז אונזער גאנצער טומלען און קהלען זיך, האָט ניט און וועט ניט האָבן קיין ווערט, אויב מיר וועלן ניט טראכטן אין טערמינען פון קיום האומה, פון א אידישן קולטור־לעבן דא אין אמעריקע? א שווערע ארבעט? א שווערע סחורה צו פארקויפן די אמעריקאנער אידישע עלטערן? אודאי שווער. אבער זעט וואס די ארטאדאקסישע אידן האָבן אויפגעטאן אין די לעצטע יארן. זיינען די ליבאוויטשער חסידים גרעסערע בריות? זעט וויפיל נאכמיטיק און טאג שולן זיי האָבן אויפגעשטעלט אין די לעצטע עטלעכע יאר. פארוואָס קענען זיי אזוי פיל אויפטאָן און דוקא אן ארגאניזאציעס? דער ענטפער איז: זיי ווילן שטארק, זיי גייט עס אין לעבן. זיי, ווייזט אויס פארשטייען אז דער יסוד פון א פאלק, די צוקונפט פון א פאלק ליגט אין דער שול. אפשר וואלט זיך גאר געלוינט צו ווערן א ליבאוויטשער חסיד?.

וויל איך אייך ווינטשן צו אייער 50 יאריקן יובילייאון 18 יאר פירערשאפט פון פארבאנד און פון דער סאציאליסטיש־ציוניסטישער באוועגונג — ה״י צו א לאנג און פרוכטבאר לעבן. איר הויבט איצט אן צו שרייבן א נייקאפּיטל אין אונזער געזעלשאפטלעכן לעבן, איז מיין אויפריכטיקער וואונטש צו אייך, אז די ערשטע שורות פון דעם נייעם קאפּיטל, זאלן זיך אנהויבן מיט גרויסע אותיות: בויען גוטע אידישע שולן פאר אידישע קינדער! און די שורות זאלן אייך שטיין אלעמאל פאר די אויגן און אייך דערמאָנען אן דעם גרויסן חוב, וואס איר זענט שולדיק זיך אליין און אונזער אידיש לעבן דא אין אמעריקע.

---

## באגריסונג פון ב. פרידמאן

ליבער חבר סיגאל:

אין דעם אלגעמיינעם שטראָם פון באגריסונגען און ברכות צו אייער יום טוב, וויל איך, ווי א חבר און פארערער אייערער, אייך איבערשיקן מיינע פערזענלעכע ווארעמע וואונטשן. איך האָב אלעמאל געהאט צו אייך די ווארעמסטע געפילן און זייער הויך אפּגעשאצט אייערע פארדינסטן פאר דעם אידישן לעבן בכלל און פאר אונזער פארבאנד בפרט.

די לעצטע יארן האָב איך דעם כבוד צו זיצן מיט אייך ביי די פארהאנדלונגען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, און ערשט דארט זע איך דעם גרויסן פאלקס כח פון אונזער פארבאנד, און וואס פאר א געטרייער שומר איר זייט פאר די אינטערעסן פון אונזער ארגאניזאציע, וואס זיינען שוין במילא די אינטערעסן פון אידישן פאלק.

די פארשידנארטיקע אויפגאבן און מצוות פון אונזער באוועגונג, האָבן זיך ביי אייך אויף א וואונדערלעכן אופן צונויפגעגאסן אין איין הארמאנישער גאנצקייט און איר דינט זיי אלעמען מיט דער זעלבער ליבע, מיט דער זעלבען איבערגעבנהייט. מיר האָבן אין אייך דעם הייסטן פארטיידיקער פאר דעם אויפבוי פון ארץ ישראל און פאר די נויטן פון אונזער פאלק אין די גלות לענדער. א באזונדער הערלעך קאפּיטל איז אייער אומדערמידלעכער קאמף אריינצוגעבן נאציאנאלן אינהאלט און פאלקס גייסט אין דעם אמעריקאנער אידישן לעבן, אז די אויפגאבע פון אידן אין אמעריקע איז ניט קיין פילאנטראָפּישע, ניט נאָר צו שפּייזן די הונגעריקע מעבר לים, נאר אויך צו שפּייזן און נערן די אייגענע פאלקס כחות, דורך דער אנטוויקלונג און פארזעצונג פון דער אידישער קולטור, און די אייגענע פאלקס אידענטיטעט.

עס איז ניט קיין גרינגע אויפגאבע, דער קאמף איז א שווערער, אָבער מיט אייער טיפן גלויבן און טיפער אויסדויער קראפט, געווינט איר אַ שלאַכט נאָך אַ שלאַכט: מיט אייער קלארער לאגיק און געזעלשאפטלעכן טאקט געווינט איר די אויערן אויך פון קעגנערישע ריכטונגען אין אידישן לעבן.

איך ווייס מיט וויפיל יסורים און גייסטיקע עינוים די דאזיקע שווערע געזעלשאפטלעכע ארבעט איז פארבונדן, אבער — ווי א פאראנטווארטלעכער אידישער כלל טוער, נעמט איר עס אלץ אויף א נאטירלעכן אופן און זעט פאר זיך ניט די שטרויכלונגען אויפ׳ן וועג, נאר דעם שיינעם ענדציל.

וועגן אייערע גרויסע פארדינסטן פארן פארבאנד, וויל איך איצט ניט מאריך זיין, גענוג בלויז צו זאגן, אז אָן אייער וואכזאמקייט וואלט דער פארבאנד זיכער ניט געווען דאָס וואס ער איז.

ווי א חבר און אייער פארערער, שיק איך אייך מיינע אויפריכטיקע ווארעמע וואונטשן. זאל אָט די ליבע וואס חברים ווייזן אייך איצט ארויס, זיין פאר אייך א קוואל פון נייער באגייסטערונג, איר זאלט זיך אנשעפּן מיט נייע, פרישע כחות פאר ווייטערדיקער גרויסע מעשים אויף אלע געביטן פון אידישן לעבן.

זייט באגריסט און געשטארקט.

אייער,

ב. פרידמאן.



## מ. זאלאו באגריסט אונזער יובילאר

מיט די שורות וויל איך מאכן א פארזוך, גובר זיין זיך אליין און פרואוון אנשרייבן א באגריסונג צו אונזער חשובן יובילאר, צו מיין גוטן חבר ל. סיגאל. שוין מער פון 18 יאר, אז איך האָב באגעגנט חבר סיגאלן, דאן נאָך געהילפס סעקרעטאר. דאס איז געווען ביי א מיטינג אין אונזער ארימען מיטינג־לאקאל אויף פיין סט. סיגאל האָט נאָך דאן געהאט א קאפ שווארצע האר, און האָט מיט זיינער פיינער האלטונג געוואונען דעם צוטרוי פון די חברים. כ׳האָב דאן געזאגט צו די חברים וואס זיינען געזעסן ארום מיר, אז דער יונגערמאן, וועט אריינגעבן א נייעם גייסט אין אונזער ארבעט. זיין פייערדיקע צונג האָט אונז אלעמען באגייסטערט, אלעמענס פנימער האָבן אויפגעשיינט, און אפילו דער חושכדיקער צימער האָט באקומען אן אנדער אויסזען.

מיין נבואה איז מקוים געווארען. פון דאן אן, באגעגן איך זייער אפט חבר סיגאלן ביי אפטע פארזאמלונגען, קאנפערענצן, און יעדעס מאָל איבערצייג איך זיך אין זיין דינאמישען כח, וואס איז א גליק פאר אונזער באוועגונג. ער דעקט פאר אייך אויף נייע הימלען, און מאָלט פאר אייך אזעלכע בילדער, אז איר ווערט מיטגעריסן און ווערט א טייל פון דעם קונסט בילד וואָס ער האָט פאר אייך אויסגעמאלן. מערקווירדיק, ווי סיגאל קען גרינג זיך ארונטערלאזן פון די „הויכע הימלען" אויף דער ערד, זיצן מיט אייך ביים טיש און זיך דורכריידן גוט ברודעריש, וועגן פראבלעמען וואכעדיקע, קליינינקע. ביי אונז אין פילאדעלפיע האָט עס ניט איינמאָל געטראפן.. אויף מיין גורל איז אויסגעפאלן צו טראגן די פינאנס זארגן פון פארבאנד פאר לאנגע יארן, און זיין ביז איצט דער קאסירער פון שטאט קאמיטעט.. דאן, ניט היינט געדאכט, איז אונזער קאסע געווען, ארים, אן א גראשן. די גרעסטע קעפ פון אונזער משפחה, פלעגן זיך צוזאמענקומען צו ספעציעלע פארזאמלונגען, צו וועלכן חבר סיגאל פלעגט קומען, און אויסהערן דעם צעטל צרות ארום אונזער ארבעט. די גרעסטע צרה איז געווען — אונזער ארעמקייט און די שווערסטע פראגע: וואו נעמט מען געלט? אלע געמיטער זיינען געווען פאראומערט און עס האָט זיך אויסגעדאכט אז בלויז איין אויסוועג איז דא: פארשליסן דעם ארעמען אפיס מיט די אלטע מוזיי מעבל און א סוף, ביז סיגאל האָט גענומען דאס ווארט, און אנגעווארעמט די פארומערטע הערצער, אריינגעגעבן אין יעדן איינעם פונקען פון האפענונג און א דאנק אים האָבן מיר דורכגעלעבט יענע שווערע צייטן, און געפינען זיך איצט אין אן אייגענעם בנין מיט אַ געזיכערטן געזעלשאפטלעכן פונדאמענט, און יענע אלטע נויטן און יסורים זיינען איצט בלויז דערינערונגען וואס דערמאנען אונז אלעמאל אין דעם ווייטן בליק פון חבר סיגאלן.

איך שליס זיך אן אן דער גרויסער צאָל באגריסער און שיק מיין באגריסונג צו חבר ל. סיגאל צו זיין 18 יאריקער טעטיקייט אין פארבאנד אלס גענעראל סעקרעטאר און זיין 50 יאריקן יובילײ. איך ווינטש אים א סך א סך יארן פון גוטער געזעלשאפטלעכער ארבעט און גליק און פרייד אין זיין פערזענלעכן לעבן.

ה. יעליס

# אכצן יאָר מיט ל. סיגאל

געווען איז עס מיט איבער אכצן יאר צוריק, אין א הייסן זומער־טאג, אויפן צווייטן שטאק אויף איסט בראד־וויי, דאן, ניט היינט געדאכט, אין אַ קליינעם אַפיסל, מיט ניט צו רייכע מעבעל, האָב איך צום ערשטן מאָל באַגעגנט דעם איצטיקן גענעראל סעקרעטאר פון פאַרבאַנד, ל. סיגאל. נאך די ערשטע פאר מינוטן ריידן מיט אים, האָט מיך דער יונגערמאן מיט דעם שווארצן קאפּ־געקרייזעלטע האָר, מיט די פּאר טיפע דורכדרינגנדע שווארצע אויגן, אזוי צוגעצויגן, אז נאָכדעם ווען איך בין שוין געווען אין דרויסן, און געשפּאצירט איבער ניו יארקער הייסע גאסן, האָב איך אלץ געטראכט פון דעם שווארץ־חנ־עוודיקן יונגן מאן, מיט די דורכדרינגנדע אויגן, און איך האָב אין מיינע רעיונות גענומען זוכן עמיצן צו פארגלייכן מיט מיין ערשט־באקאנטן חבר; פון ערגעץ געדענק איך אזא פּנים, אבער איך קאן זיך ניט דערמאנען, וואו, וואס, ווען.

דאן איז סיגאל געווען אין ניו יארק, ערשט אן אריבער געקומענער פון דער מיטל וועסט, אין ניו יארק האָט מען זיך נאָך ניט גענוג צוגעוואוינט צו דעם נאָמען סיגאל. אבער מערקווירדיק ווי ער אליין האָט זיך באלד אריינגע־פּאסט און זיך איינגעלעבט מיט דער גאנצער באוועגונג. ער האָט זיך באלד געלאזט הערן ביי אלע פארזאמלונגען אין שטאָדט, און האָט צוגעצויגן א סך הערצער צו זיך, און מען האָט גענומען צווישן זיך רעדן: נו, אָט זעט איר, ערגעץ פון דער פּראווינץ, פון דער מיטל וועסט און זעט וואס פאר א געווינס מיר האָבן אין אים, אט אזעלכע רייד האָט מען אפט געקאנט הערן ארום דעם נאָמען ל. סיגאל. אלע האָבן געלויבט זיין ענערגיע, און אימפּעט, מיט וועל־כער ער האָט זיך אריינגעווארפן אין דער ארבעט.

באלד האָבן מיר דערזען אן איבערראשנדע ענדערונג. בלויז עטלעכע חדשים, פון מיין ערשטן וויזיט אין פּיצינקן אפיס, אויף איסט בראדוויי, געפינען מיר שוין ל. סיגאל אלס גענעראל סעקרעטאר אין א נייעם אפיס, אויף צווייטע עוועניו. דער גאנצער צווייטער עטאזש איז פארנומען מיט'ן פארבאנד, מיט א סך צימערן, מער אָנגעשטעלטע, מער לעבן, עס רודערט זיך אין אפיס, פארשידענע פּלע־נער ווערן טעגלעך, באשאפן, ניו יארק האָט דערהערט אז עס איז דא א פארבאנד, עס לעבט אן ארגאניזאציע.

דאן בין איך אנגעשטעלט געווארן אלס ארגאניזאטאר און האָב דאן ערשט אויף אן אמת דערקענט מיין חבר

לואיס סיגאל



סיגאל, זיין כח, זיין פארנעם פון ארבעט, און זיינע גרויסע פּלענער פאר א גרויסער ארגאניזאציע.

א ביישפּיל פון זיין ארגאניזאטארישן פארנעם: מיין ארבעט אלס ארגאניזאטאר האָט זיך אנגעהויבן אין די ווינטערדיקע חדשים, און אזוי ווי ביז דאן איז די השגה פאר גרויסע ארגאניזאטארישע ארבעטן ניט געווען גרויס, האָט פּאסירט אָט וואס: ווען איך האָב געענדיקט מיין אר־בעט, ביז דעם חודש יוני, האָבן די אָנפירנדע הברים אין פארבאנד פארגעשלאָגן איך זאָל נעמען 3 חדשים וואקא־ציע, ווייל זומער קאן מען גאר ניט דערגרייכן. דארף דערי־בער מיין יאר ארבעט באשטיין פון 9 חדשים. איך האָב דערפון ניט געוואוסט. כ'האָב זיך דערוואוסט היבשלעך שפּעטער, אז חבר סיגאל האָט ניט איינגעשטימט אז זומער קאָן גאר ניט דערגרייכט ווערן. די ארבעט — זאגט ער, דארף אנגיין א גאנצן יאר. ער האָט נאָכדעם געקאנט באַ־ווייזן אז ער איז געווען גערעכט, ווייל אין יענע 3 זומער חדשים זיינען ארגאניזירט געווארן די גרעסטע צאָל ברענ־כשעס מיט נייע הונדערטער חברים.

מיר זעען אין סיגאל'ן זיין ווייטן דורכדרינגענדן בליק, פאר ארגאניזאציע. פיל מאָל זאגט ער אין פאראויס, אז דאָס אדער יענעס וועט פּאסירן, אין יענער שטאט, אדער אין יענעם ברענטש, און איך וואונדער זיך, וואו נעמט דער מענטש אזוי פיעל וויזיע, און ווייטן בליק פאר אלץ און אלעמען? און ווען מיר נעמען רעדן פון פאקטן, וואס זיינען די דערגרייכונגען ארגאניזאטאריש אין פאר־

באנד פאר די אכצן יאר פירערשאפט פון סיגאל'ן, האָבן מיר פאר זיך אָט אזא בילד:

דאן מיט אכצן יאר צוריק אן אידייאיש געשלאסענע ארגאניזאציע פון עטלעכע טויזנט חברים, היינט, א ברוי-זענדער כח, אין אמעריקע, מיט גענויע 25,000 חברים, מיט ארום 400 צווייגן. די רעזולטאטן זיינען נאר מעגליך גע-ווארען א דאנק דעם שטויס, בארג ארויף וואס ל. סיגאל האָט געגעבן מיט זיין שטענדיקן ווארט; די מעגלעכקייטן זיינען אונבאגרענעצטע. מען דארף נאר וועלן, וועלן שוין זיין רעזולטאטן. דאָס זעלבע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן אלע ארבעטן, דעם זעלבן וואָרט נוצט ער, ווען ער דארף רעדן וועגן דערגרייכונגען אין אונזערע קאמפיינס, אלס ביישפיל וועלן מיר נעמען די צוויי קאמפיינס אונזערע, דעם געווערקשאפטן און נאציאנאל פאנד. פאר דעם לעצטן צענדליק יאר זינט סיגאל האָט זיין נאָמען פארבונדן מיט'ן נאציאנאל פאנד, ווייסן די מענטשן וואס פארן ארום, דעם אונטערשיד, פון די דערגרייכונגען איצט, און פון יענע יאָרן, איידער סיגאל, האָט צוגעטראגן זיין נאָמען צו דער ארבעט פון דעם הייליגן פאנד, עס איז ממש אומגלויבלעך צו זען די פאנדן וואס ווערן איצט געשאפן אין אונ-זערע ברענטשעס, א דאנק דעם שטויס וואס סיגאל האָט געגעבן דער ארבעט פאר'ן קרן קימת.

דאָס זעלבע קאָן געזאגט ווערן וועגן געווערקשאפטן קאמפיין. אויב די חברים אין א שטאט ווילן זיין זיכער מיט אן אוונט פאר דעם פאנד, מוז סיגאל קומען רעדן, און שאפן די שטימונג, און דער רעזולטאט איז שוין א זיכערער. זיין כח פון רעדן איז: ער קאָן אזוי גוט איבער-צייגן יעדן, מיט'ן גרויסן אמת פאר אונזער פארבאנד-רייכער-ארבעט, אז עס בלייבט ביי קיינעם קיין צווייפל ניט אז אָט אזוי דארף מען האנדלען. ווען ער רעדט, נוצט ער ניט קיין געפליגלטע ווערטער, און געקינסטלטע פראזן. ער רעדט הארציק, איבערצייגנד, אזוי אז יעדערער קאָן עס פארשטיין, און מיטגעריסן ווערן מיט זיינע געדאנקען.

איך האָב געהאט די געלעגנהייט, די 18 יאר, זיין מיט אים אין אסך שטעט, און זען סיגאל'ן אלס סעקרע-טאר פון פארבאנד. כ'האָב געזען אים ביי מיטינגען. וואו-כיקע וואו עס האנדלט זיך וועגן ארגאניזאציע פראבלע-מען, געלטן, סובסידיעס, און אז. וו. כ'האָב זיך געוואונ-דערט ווי פראקטיש און שארף זיינע מיינונגען זיינען, און איבערהויפט זיינע עצות, נאָך זיין אנאליזירונג פון די אנ-געווייטיקסטע פראבלעמען, וואס די חברים האָבן געהאט, און עס האָט זיך געדוכט אז עס איז גאר קיין אויסוועג ניטאָ, אבער ווי געזאגט, ווען סיגאל האָט געענדיקט, זיי-נען די קעגנערעשע ארגומענטן צעשוואומען געווארן און מען איז אוועק צופרידענע.

כ'האָב אים געהערט ביי פייערלעכע אוונטן, קאָנפע-רענצן, א. ז. וו. דארט זעט איר שוין אן אנדער סיגאל. דארט זעט איר א מענטשן וואס דינט דעם גאנצן אידישן לעבן, אלעמען, דאס גאנצע פאלק, אין זיין שווערן גורל, דארט הויבט ער אויף דעם פארהאנג פון אונזער טראגע-דיע, אלס פאלק, דעם תהו ובהו. די אכזריות פון דער דערגראדירטער מענטשן מאראל, וואס קאָן נאר פארגליכן ווערן צום פארצייטיקן אור מענטשן, וואס לויערט צו פארניכטן דעם צווייטן, און ווי א גוטער ארכיטעקט, נעמט ער אויסשמידן דעם אויפשטייג פון כחות פאר אויפבוי און אויפקום, וואס אונזער פאלק דארף איצט טאָן, כדי צו באפרייען זיך פון דער פארלאזנקייט אין יאוש, און ארויס-שיקן דאס ווארט פון טרייסט און האָפנונג, פון גלויבן און בטחון, פון גאולה און באפרייאונג, און נאָכדעם ווען ער וויקלט פאנאנדער אונזערע פראבלעמען און אספעקטן, ווערט יעדנס הארץ אנגעפילט מיט דאנק, און ליבע, פאר זיין אינהאלטסרייכער מתנה וואס ער ברענגט מיט זיין רעדן, צו אונזערע חברים, און פריינט.

ניט קוקנדיג וואס חבר סיגאל האָט זיך בא מיר גע-בעטן, אז מען זאל דעם יום טוב פאר אים איצט ניט מא-כען, ניט קוקנדיק וואָס ער האָט פארביסן געקעמפט קעגן אָט אזעלכע יום טובים, באזונדערס פאר זיך, ווייל ווער עס קאָן אים ווייס עס גוט אז וואס אנבאלאנגט אים אליין פאר זיך, איז ער כמעט שעמעוודיק, אבער ניט קו-קנדיק אויף דעם, וואָס מיט געוואלד איז אויף אים ארויפגעצוואונגען געווארן דער יובילײ, האָב איך דאָך געוואלט א ביסעלע דערציילן דא אויף די בלעטער, מיין אייגענע אפשאצונג, וואס סיגאל מיינט, פאר די פארבאנד חברים, און פאר דער גרויסער ארבעט פאר וועלכע מיר ברענגען קרבנות, אין קאמף פאר א בעסערער וועלט.

אסך מאָל באוואונדער איך אים, ווי א סך חברים טוען עס, און פרעג בא זיך וואו נעמט דער מענש אזוי פיל ענערגיע, פאר אלץ, און אלעמען? איבערהויפט זיינע קאמפן פאר דעם אמת אין וועלכן ער איז פארגלויבט. ער איז פארליבט אין ארץ ישראל, אבער ער איז אויך א קעמ-פער פאר'ן אידישן לעבן אומעטום, פאר אידישער דער-ציאונג, פאר אידישער קולטור. ל. סיגאל איז א חבר, און קאָן זיין א חבר צו יעדן. ער קאָן אויך זאָרגן פאר'ן יחיד, די מידה איז א זעלטענהייט ביי א סך פירער, אבער ער פארמאגט זי, מיט דער פולער מאס.

זאל דאס ביסעלע זיין א קליין בילד פון 18 יאָר גוט קאנען סיגאל'ן אין פארבאנד. ביי דער געלעגנהייט ווינטש איך חבר סיגאלן אסך יאָרן פון פרייד און זיין פאמיליע, און דערלעבן צו פייערן צוזאמען מיט אונז דעם גרויסן באפרייאונגס יום טוב, פון אידישן פאלק, ווייל, דאָס איז זיין לעבנ'ס אידעע.

# חבר סיגאל ביי דער ארבעט

(פון פארבאנד־בוכהאלטער)

סוף 1922. דער פארבאנד געפינט זיך אין דער הויז פון דער געוועזענער טעגלעכער צייטונג „די צייט". די טירן פון הויפט אריינגאנג זיינען פארקלאפט. די גרויסע ברייטע שויב פון דער ניט לאנג צוריק ליכטיקער רעדאקציע איז פארשמירט מיט ווייסער פארב. די גאנצע געביידע אפגעלאזן, ניט באהייצט, די קארידארן זיינען פינצטער און אלץ ארום איז אומעטיק און פוסט.

ס'איז פארנאכט, אין דרויסן איז פראסטיק. דער טאג, עטוואס א טונקעלער. מיר, די אנגעשטעלטע זיינען באשעפטיקט מיט אונזער טעגלעכער רוטין. אין אפיס איז ניט איבעריק ווארים און מיר ווארטן מיט אומגע־דולד אויף דער שעה ווען דער ארבעטס טאג וועט שוין זיין צו ענד. ערשט ס'עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין א נעט געקליידעטער אומבאקאנטער יונגער מאן. בלייבט שטיין אויף א ווייל, ווי ער וואלט זיך וועלן ארומ־קוקן ווי געפינט ער זיך דא, און דערנאך, ווי עפעס נאך א געוויסן ישוב הדעת, ווענדט ער זיך צו איינע פון די מיידלעך, קאן איך זען דעם סעקרעטאר? די מיידל ווייזט אים אן דעם אריינגאנג. מיר פאנגען זיך אן צו שושקען און טרעפן ווער קען דאס זיין. אין א ווייל ארום קומט דער אומבאקאנטער ארויס צוריק. ווייזט אויס ניט געהאט ווענגן וואס צו רעדן, אדער אפשר איז דאן דער גענעראל סעקרעטאר געווען אין עפעס פארטיפט? דער מאנטל שוין אראפגענומען, פאנגט זיך אן צו שארן ביי די דעסקס און שטעלט יעדן פון אונז אן אנדער פראגע. איינע פון די פראגעס געדענקט זיך מיר נאך היינט. א מיידל האט געהאלטן אין פארצייכענען די פאליסי נומערן פון די ניי־אריינגעקומענע חברים. ער גיט אזוי א קוק אין בוך און זאגט צו דער מיידל: „אזוי, האלטן מיר שוין אזוי ווייט?" יא, ענטפערט זי, אין נו־מערן . . .

דא האט דער זייגער געקלונגען פינף. מיר האבן זיך פארן אומבאקאנטן אנטשולדיקט און אים איבער־געלאזן פארברענגען מיטן גענעראל סעקרעטאר. אויף מארגן ווען מיר זיינען געקומען אין אפיס, האבן מיר שוין געהאט ווענגן וואס צו רעדן: „אך די פראווינץ! גע־זונט זאל זי זיין!"

ווען חבר גאלדשטיין איז געקומען אין אפיס האט ער אריינגערופן זיין סעקרעטארשע און דיקטירט די פראטאקאלן פון דער זיצונג פון דער גענעראל עקזע־קוטיווע און דארטן איז, צווישן אנדערס געזאגט גע־ווארן, אז חבר סיגאל, אונזער נעכטיקער אומבאקאנטער, איז אפיציעל אויפגענומען געווארן אלס געהילפס־סעק־רעטאר און אז ס'איז באשטימט געווארן ער זאל מאכן א לענגערן טור.

די האנדלונג פון דער עקזעקוטיווע אוועקצושיקן א נייעם מענטשן, איז אונז ארבעטער ניט געווען צום הארצן. מיר האבן שוין לאנג געווארט אויף א געהילפס־סעקרעטאר. צו יענער צייט, פארשטייט איר, איז א גע־הילף געווען איינער פון אונזעריקע, כמו א חבר. קיין באזונדער צימער איז פאר אזא באאמטן ניט געווען אנ־געגרייט. ווען ער איז מיט אונז, איז אביסל היימלעכער, דערצו האבן מיר געהאפט וועט ער געווים העלפן אויס־ווירקן וואס גיכער דעם אפיס אריבערקלייבן אין א וואר־רעמער דירה, אבער ווידער די פראווינץ. מען מוז זי אומבאדינגט אויפמונטערן, זי אויפוועקן צו מעשים, איז מען מיט דער עבודה מכבד דעם נייעם געהילף, טאקע באלד ווי נאר ער קומט אן אין ניו יארק.

## דער צושטאנד פון פארבאנד

צו יענער צייט איז די שטימונג אין אונזערע רייען געווען ניט קיין געהויבענע. א גרויסע אפאטיע הערשט אומעטום און אויף אלע געביטן. קיין טעטיקייט. דאס געזעלשאפטלעכע לעבן, גרוי און מאנאטאן, און אויף אזוי פיל אז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס דער פארבאנד פייערט זיין 10 יאריקן יובליי און עס וואלט געדארפט זיין בלויז ששון ושמחה, געפינט די פירערשאפט פאר נויטיק צו דערמאנען און זייער שטארק אונטערשטרייכן ווענגן דעם טרויעריקן מצב פון דער ארגאניזאציע.

נאך א רייזע איבערן לאנד אין די ערשטע חדשים פון 1923 (דער יובל יאר) שרייבט מ. ב. צווישן אנדערס „עס פעלן טוער, איניציאטיוו, באגייסטערונג, די פאר־איינען ליידן פון ווייניק טוער. נייע קומען ניט צו, אלטע ווערן מיד." ער באקלאגט זיך אויף דער גלייכ־גילטיקייט פון חברים, ער שטראפט, מאנט, א. א. וו.

די שול באוועגונג, דאס בלימעלע פון אונזער גארטן איז כמעט ניט ווי דערקענען, אזוי פארדארט געווארן. א סך אינסטיטוציעס אונטערגעגאנגען. אויף יעדן שריט און טריט בלויז שוועריקייטן. צו ווערן א פירער פון פארבאנד אין אזא צייט איז באמת געווען א גרויסע פאראנטווארטלעכקייט. חבר סיגאל, א מענטש פון דער באוועגונג, האט אלץ געוואוסט, אבער, משמעות ער האט געוואלט וואגן . . . בייקומען שוועריקייטן.

## אין ניו יארק

ווען חבר סיגאל איז צוריקגעקומען פון זיין טור האבן מיר זיך שוין געהאלטן אין אריבערקלייבן אין א נייעם אפיס.

ער פאנגט זיך אן צו באקענען מיט טעכנישע דעטאלן און ביסלעכווייז בירגערט ער זיך איין אין דער נייע־

אטמאספערע. עס נעמט ניט לאנג און ער איז שוין היימיש מיט די מערסטע און פירנדע חברים פון די ניו יאָרקער ברענטשעס. אַ דאַנק אים קומען זיי צו אונז אָפטער אריין. ער דערלאנגט יעדן א ברייטן שלום עליכם, די מער נאָענטע א קלאפּ אין פּלייצע און וואָס ווייטער רינגלען זיך ארום אים מערער און מערער מענטשן. אין משך פון א קורצער צייט, ווערט ער אן אמת'ער תושב. דער ניו יאָרקער שטאָט קאָמיטעט, פריער בלויז א „סעמעטערי קאָמיטע", גייט אריבער אונטער זיין פירערשאפטט און אַ דאנק אים ווערט דער קאָמיטעט א טעטיקע אפּטיילונג פון פארבאנד אויף א סך געביטן. ער שטופּט דעם קאָמיטעט צו ווערן אַגרעסיוו, טעטיק, מען אראנזשירט אונטערנעמונגען אויף גאָר א גרויסן אופן. אייניקע אונטערנעמונגען זיינען דערפאָלגרייך, אנדערע א דורכפאל, אָבער עס טומלט זיך, דער עולם איז זייער שטארק צופרידן.

וואָלט אן אנדערער אויף חבר סיגאל'ס פּלאץ, דערגרייכנדיק אזא גלאריע זיך בארואיקט און אויף א באשיידענעם אופן אָנגעגאנגען מיט זיין ווירדיקער ארבעט. עגבערט אים אָבער זיין מוח, די זייער אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם, ווי נעמט מען מיטלען פאר די קולטור אינסטיטוציעס, שולן, א. א. וו. אָן וועלכע דער פארבאנד האָט א קליינעם ווערט, ער האָט דאָס אין זינען געהאט ביים ווערן א פירער פון דער אָרגאניזאציע.

ווי ער איז נאָר געוואָרן געהילפס־סעקרעטאר, שרייבט ער אין דער שטימע אַן אַרטיקל וועגן שפּאָר און לייקאַסעס.

דאָרטען זאָגט ער אָט וואָס: „יעדע שפּאָר און לייקאַסע, ווען ריכטיק געפירט, קאָן פון אירע הכנסות אויסהאַלטן אַ שולע און א פארבאנד צענטער אין יעדן ברענטש." ער האלט אויך, „אַז מיט דער צייט קאָן, פאַרשטייט זיך בא ריכטיקער פירונג, פון דעם אויסוואקסן א צענטראלע פארבאנד קאָאָפּעראטיוו באנק, וואָס זאָל זיין בכוח אויסצוהאלטן אלע קולטורעלע אינסטיטוציעס." חבר סיגאל ווייסט גוט, אז וועגן קאָאָפּעראטיוון האָט מען שוין לאנג צוריק געשריבן און גערעדט. דער עיקר איז, פאַרווירקלעכן. לאָזט ער קיינעם פון די אלטע פירער ניט צורו (ער איז דאָך אין ניו יאָרק א נייער מענטש), פירט באראטונגען, זעט פארשידענע רעגירונגס־אינסטאנצן. בקיצור, ער שלאָפט ניט. אין סוף פון דעם זעלבן יאָר איז שוין די שפּאָר און ליי־קאַסע אין ניו יאָרק אַ פאַקט.

איז צוגעקומען א נייע טעטיקייט. זיינען אָבער סיגאל'ס האָפענונגען רעאַליזירט געוואָרן? אין דעם מאָמענט איז ניט נויטיק זיך צו גריבלען אין יענער צייט. וואָס איז וויכטיק צו דערמאָנען איז, זיין גרוסער גלויבן אין די מעגלעכקייטן פון אונזערע כוחות און זיין זוכן שטענדיק און אומעטום זיי ארויסצוברענגען.

אים שטעלט ניט אָפּ קיינע שוועריקייטן. אויב ס'איז נאָר נויטיק, וועט ער ניט שפּאָרן קיין צייט און מי. זיין מאָטיוו אין לעבן זעט מען שפּיגלט זיך אָפּ, אין שאפן און בויען. און דערפאר אזא גרויסע שטימונג פאר אים.

### דער וואוקס פון פארבאנד

זייט חבר סיגאל איז געוואָרן גענעראל סעקרעטאר איז דער מצב פון פארבאנד מער צופרידנשטעלנד. די ראמען פון דער אָרגאניזאציע זיינען אָבער נאָך אלץ שמאָל, און ס'לאָזט זיך ניט אויסשפּרייטן ווי עס וואָלט זיך געוואָלט. די געשאפענע אינסטיטוציעס ברענגען ניט יענע מאַטעריעלע רעזולטאטן, וואָס מ'האָט געהאָפט.

מען זעט דעריבער היינט, אז די גאולה דארף קומען פון פארבאנד גופא און דאָס מיינט, א גרויסע מיטגלידערשאפט. ווי זשע דערגרייכט מען עס? שוין אזוי פיל גערעדט און געפּלאנירט אָבער נאָך אלץ ניט געפונען דעם וועג.

חבר סיגאל הערט זיך צו, ער זוכט נייע מעטאָדן, און זוכענדיק אזוי געפינט ער א זייטיקן מענטשן פון גאָר אן אנדער ווינקל (קרייז) וואָס נעמט זיך אונטער אריינצונעמען מיטגלידער און אז ס'וועט זיך דעם פארבאנד „באַצאָלן" פּשוטו כמשמעו.

שווימט דאָ ארויף א אינטערעסאנטע טעמע, מאסן אָרגאניזאציע אָדער אָפּגעקליבענע חברים. די פּראָבלעם איז א קאמפּליצירטע און שווער צו אנטשיידן. אייניקע פון די הויפּט פירער זיינען קעגן. דער אידעאליזם, די אינטימקייט, חבר'שאפט, א. א. וו. וועט געבראָכן ווערן. דער פארבאַנד וועט ווערן אן ערב רב, מ'טאָר דאָס ניט טאָן. חבר סיגאל האָט אָבער א גלויבן אינעם סתם מענטשן און שרעקט זיך ניט פאר קאָנסעקווענצן. אדרבא, ער וויל בא זיך די מענטשן האָבן. קוקט ער אויף זיין שטייגער זיינע קעגנער אין די אויגן אריין, דיסקוטירט, מאכט הנחות, אָבער געווינט אויך אַ פּאָזיציע „בלויז אויספּרובירן". און דאָס איז שוין גענוג.

דער אָנפאנג איז שווער, זייער שווער, אומצופרידענהייט פון אלע זייטן, אָבער עס נעמט ניט לאנג און גוטע רעזולטאטן באווייזן זיך. דאָס גיט אים מוט, מער אויסדויער און האָפענונג אויף ווייטערע און גרעסערע דערגרייכונגען, — ביז דער היינטיקער מדרגה — א פארבאנד וואָס איז א כבוד פאר אלעמען, גרויס און קליין.

און דאָס איז צו פארדאנקען דעם קוראזש, דעם גלויבן און געוואַגטקייט פון דעם יובילאר.

מיר אלס אָנגעשטעלטע זעענדיק אים ביי דער שווערער ארבעט, טאָג טעגלעך, שיינט אונז, זיינען באַרעכטיקט עס אָפּצושאצן.

## דערגרייכונג און אנערקענונג

(א באַגריסונג צו לואיס סיגאל)

פון ריכטער מאריס ראטענבערג

די ברענטשעס פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד בפרט, און די ציוניסטישע ארבעטער באוועגונג בכלל, פארדינען א הארציקן „יישר כח" פאר זייער איניציאַטיוו צו פייערן דעם 50טן געבורטסטאָג פון לואיס סיגאל.

לואיס סיגאל, אלס גענעראל סעקרעטאר פון פארבאנד און אלס איינער פון די פירער פון די פועלי ציון־צעירי ציון, שטייט שוין ·פיל יאָר אין די ערשטע רייען פון דעם אידישן געזעלשאפטלעכן לעבן אין אמעריקע און פון אונזער קאמף פאר ארץ ישראל. געווים וועט אָט די יובילײ פייערונג דינען אלס א פאסיקע געלעגנהייט פאר דער אויפריכטיקער און פולער אנערקענונג וועלכע לואיס סיגאל האָט כשר פארדינט א דאנק זיין גרויסער וויזיע, זיין אונערמידלעכער ארבעט, ברייטער פארנעם און טיפער אידעאליזם. אבער מר. סיגאל'ס דערגרייכונגען זיינען ניט באגרענעצט צו דעם געביט פון פארטייאישער אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט. ער האָט געמאכט וויכטיקע בייטראגן צו אלע פאַזן פון אונזער געזעלשאפטלעכן לעבן און פון דער ציוניסטישער באוועגונג. זיין חלק אין דעם אויפשטייג און דער אנטוויקלונג פון דער קרן קימת ארבעט אין די פאראייניקטע שטאַטן איז א גלענצנדער ביישפיל פון זיין פיל־זייטיקער טעטיקייט.

איך האָב דעם גרויסן פארגעניגן צו שיקן, אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון דער נאציאָנאל פאָנד אַדמיניסטראַציע, אונזער ווארימסטע באַגריסונגען צו מר. סיגאל און צו דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג ביי דער געלעגענהייט פון דער יובילײ פייערונג לכבוד אים. אלס מיטגליד פון אונזער דירעקטאָרן באָרד, אלס ערן סעקרעטאר און, אחרון אחרון חביב, אלס פארזיצער פון ארבעטער דעפּארטמענט ביי דעם אידישן נאציאָנאל פאָנד, האָב חבר סיגאַל גענומען א פירנדן אנטייל אין די היסטאָרישע דערגרייכונגען פון קרן קימת אין אמעריקע אין פארלויף פון די לעצטע 10 יאר. מיר ווינטשען אים פיל יארן פון פרוכטבארער ארבעט.

## ה. עהרענרייך באַגריסט דעם יובילאַר

ליבע חברים און חברות:

באמת שרייב איך ניט גערן די באגריסונג צו חבר ל. סיגאל. עס ווילט זיך מיר שרייבן וועגן זיינע גרויסע פארדינסטן פאר׳ן פארבאנד, פאר דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג, פאר׳ן קרן קימת און פארן אידישן כלל.

די פארדינסטן זיינען גרויסע, אויף מאנכע געביטן גאר, גאר גרויסע. ס'ווילט זיך מיר אייך דערציילן (אויב איר ווילט זיך בארימען) ווי איך האָב אפגעשאצט חבר סיגאלן נאך מיט יארן צוריק, ווען איך האָב אים דעם ערשטן מאָל געטראפן אין סט. פאול, און אין א פאר יאר ארום אים פארגעשלאגן איבערצונעמען דעם סעקרעטאר־אמט פון דער פארטיי.

ס'ווילט זיך מיר א סך דערציילן וועגן אונזער חבר ל. סיגאל. אבער כדי צו שרייבן וואס איך וויל, און וואס מען דאַרף, איז איצט פשוט קיין צייט ניטא. איך האָף נאך צו האָבן די געלעגנהייט אזא ארטיקל צו שרייבן. דערפאר בין איך ניט צופרידן וואס איך מוז זיך באנוגענען מיט א קורצער באגריסונג.

איך באגרים מיין פריינט און חבר סיגאל צו זיין פופציקסטן יובילײ, איך שיק אים מיינע הארציקסטע ברכות. איך ווינטש א״ם אַז נאָך אַ סך, אַ סך צענדליקע יאָרן, זאָל ער אזוי גלענצנד אנפירן זיין ציוניסטיש סאציאליסטישע ארבעט פאר דער גאולה פון אונזער פאלק. ווי ער האָט עס געטאן ביז איצט, ער זאל דערלעבן צו זען די פארווירקלעכונג פון אונזער אידעאל, וועמען ער האָט אוועקגעגעבן אזוי פיל פון זיינע גלענצנדע פייאיקייטן און גרויסן טאלאנט.

אייך חברים און חברות באגרים איך וואס אייך איז דאך געלונגען צו פייערן דעם יובילײ פון חבר סיגאל. איר האָט באוויזן אויסצופירן דאס, וואס א סך אנדע־ע שטעט איז ניט געלונגען.

איך פלעכט אויך איין מיין נשמה־בלום אין דעם קראנץ פון הארץ און נשמה־בלומען וואס איר פלעכט פאר חבר ל. סיגאל. ער האָט עס כשר, כשר פארדינט.

# שטריכן

פון דר. שלמה שטיין

לואיס סיגאלס הויפט אייגנשאפט, איז זיין איינגעבוירענע חכמה, ס'איז ניט די דערווארבענע אינטעליגענץ, וואס ווערט איינגעזאפט פון דרויסן. סאיז די נאטירלעכע חכמה, וואס קומט מיט'ן געבורט, וואס איז אן ארגאנישער טייל פונעם מענטשנס אינטעלעקטועלן געבוי.

איר פילט עס באלד פון אייער ערשטן קאָנטאַקט מיט אים. אַכבעסטן אָבער וועט איר זיך אין דעם איבערציינן, ווען איר קומט זיך מישב זיין מיט אים. מעג אייער פּראבלעם — געזעלשאפטלעכער אדער פּערזענלעכער — זיין ווי קאָמפּליצירט; סיגאל פּלאנטערט באלד ארויס פון אים דעם עיקר, די קווינטעסטענץ, און קוים האַלט ער שוין דעם עיקר, פאר די הערנער, וועט אים שוין ניט נעמען לאנג — א מינוט, צוויי, צו געפינען פאר אייך די פּאסיקע לייזונג. די נאטירלעכע קלארקייט, די איינגעבוירענע לאגיק פון זיין ארט דענקען, מאכן אייך פילן אז ער איז אייער בעסטער בעל יועץ.

אָט די קלארקייט און לאגיק גייען אדורך ווי א רויטער שנור דורך זיינע רעדעס, אַרטיקלען און בריוו. ס'קומט אויפן זכרון 1928, א באריכט-פארזאמלונג אין בריסעל, איבער דער אלוועלטלעכער פּועלי ציון קאָנפערענץ אין בערלין. דער באריכט־אפּגעבער, דער בעלגישער דעלעגאט צו דער קאָנפערענץ, דערמאנט מיט התפעלות דעם איינדרוק וואָס ס'האָט אויף אים געמאַכט מיט זיין איבערציי־גענדער לאגיק און קלארן אנאליז, א יונגער אמעריקאנער חבר: לואיס סיגאל. סיגאלס אן ארטיקל וועגן רזשאינט:

— זיין פאָרטראג פאר דער באוועגונגס קאָנפערענץ, זאכלעך, רואיק, אָבער די קריטיק אַן אומבאשטרייטבארע אין ניו יארק, אין 1943: די סכנות וואס ליגן אין דער קארטעליזירונג פונעם אידישן געזעלעשאפטלעכן לעבן אין אמעריקע וואו אין דער מאכט וואס ווערט אלץ מער און מער קאָנצענטרירט אין די וועלפער פאָנדס, טשעסטס און אליר אפּילס. דער אויספיר — קען דען זיין אן אנ־דערער? — דעמאקראטיזירונג דורך דער אמעריקאנער אידישער קאָנפערענץ. א זיצונג פון גרויסן פּארטיי צ. ק. סיגאל רעדט וועגן א זעלבשטענדיקער רעליעף ארגאניזאציע פון דער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג. די ארגו־מענטאציע — שטארק און איבערצייגנד. נאָך איר מוז שוין קלינגען בלאס, זייער בלאס אלץ וואס עס זאגט דער צד שכנגד. — סיגאלס אן אפּיעל: — ווער זיינען מיר? ניט קיין פלייש פון זייער פלייש, בלוט פון זייער בלוט? האָבן מיר עס דען אויסגענומען א קאָנטראקט מיט'ן רבונו של עולם, אז אונז מוז ער אויסהיטן פון מיידאנאק און טרעבלינקא? וואלט דען אונזער גורל געווען אנדערש פון זייערן, ווען ניט דער גליקלעכער צופאל וואס האָט אונז אהער פארווארפן? און ווי ציניש עס זאל ניט קלינגען — פּראפּיטירן מיר דען ניט פון אונזער אומגליק? איז דען אונזער פּארספּעריטי ניט קיין רעזולטאט פון היטלעריזם און פון דער מלחמה וואס ער האָט אויף אונז ארויפגע־צוואונגען? דאס איז אלץ. מאכט אייך אָט דעם פּשוטן חשבון הנפש און — אייער געוויסן וועט שוין טאן דאס איבעריקע.

א שטריך. דוכט זיך מינדערווערטיק? ניין: א גאר וויכטיקער פאר א געזעלשאפטלעכן פירער. עלעמענטארער דרך ארץ פאר דעם וואס ווענדט זיך מיט אן אנפראגע, בקשה, א בריוו. פּינקטלעכקייט — די פּשוטע געוואוינ־הייט צו ענטפערן אויף א בריוו במשך פון 24 שעה, איז א סימן פון ארדענונג, א באווייז, אז מען פארשטייט זיך ווי אזוי צו ארגאניזירן, עס זאל סטייען צייט פאר אלץ, וואס דארף געטאן ווערן, ווי פארנומען מ'זאל ניט זיין.

סיגאלס אידעאיש געזעלשאפטלעכע פּאזיציע: ציוניס־טישער סאציאליזם. ליבע צום פאלק און צו אלץ וואס איז פאלקסטימלעך. א אידישע היימלאנד, א מלוכה, נאציאנא־לער סטאטוס פאר'ן אידישן פאלק. סינטעז צווישן גלות און ארץ ישראל. ארץ ישראל דער ארכימעדישער פּונקט, אויף וועלכן עס וועט זיך אנהאלטן דאס אידישע לעבן אין גלות — אויב עס איז אונז באשערט אז גרויסע טיילן פון אונזער פאלק זאלן בלייבן לעבן אין גלות. אן ארץ ישראל אלס גייסטיקן און פּאליטישן אנלען, וועט דאס אידישע לעבן אין גלות זיין פאראורטיילט אויף קולטו־רעלער וועגעטירונג און פּאליטיש-עקאנאמישער רעכטלא־זיקייט. דעריבער, אלע כחות פאר דער פארשטארקונג,

אויפבוי און אנטוויקלונג פון די עקזיסטירנדע אידישע ישובים באשר הם שם. סינטעז צווישן ציוניזם און סאציאליזם. טיפע צוגעבונדענקייט צו די סאציאלע באפרייאונגס אידעאלן פון דער מענטשהייט, קאמף פאר אָט די אידעאלן אין אידישן געזעלשאפטלעכן לעבן, אין דער ציוניסטישער באוועגונג, אין ארץ ישראל. במילא: אידענטיפיצירונג מיט די צוויי הויפט אינסטרומענטן פון אונזער נאציאנאל־סאציאלער באפרייאונג־באוועגונג: דער אידישער נאציאנאל פאנד און די הסתדרות. די ארץ ישראל ארבעטערשאפט, אירע אינסטיטוציעס, איר פילאזאפיע און אירע אספיראציעס זיינען אן אינטעגראלער באשטאנד טייל פון סיגאלס אידעאישן באגאזש און פון דעם אידיש נאציאנאלען ארבעטער־פארבאנד, וועמענס הויפט דינאמא ער איז.

סיגאלס פארבונדנקייט מיטן נאציאנאל פאנד. ערן סעקרעטאר במשך די לעצטע צען יאָר פון דער נאציאנאל־פאנד אדמיניסטראציע אין אמעריקע. טשערמאן פון נאציאנאל פאנד ארבעטער־דעפּארטמענט. דאס זיינען ניט בלויז טיטולן. הינטער זיי ליגט א טיפע זעלישע צוגעבונדנקייט צום גרויסן פאלקס־פאנד אונזערן. ליבע צום פאנד וואס איז מער ווי וועלכע ניט איז אנדער אינסטיטוציע אין אידישן לעבן, א קנין פון פאלק.

איז עס דער עכא פון זכרונות פון קינדערעשע יארן, ווען דער קרן קימת האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אינעם קליינעם אידישן שטעטל? איז עס דער געזונטער אפפרישנדער ריח פון דער מוטער־ערד וועלכע ווערט דורכן נאציאנאל־פאנד אויסגעלייזט? איז עס דאס בילד פון דעם יוגנטליכן חבר, וואָס אפּעלירט אין דעם סאָבוויי, פרימיטיוו, אבער רירנד פארן נאציאנאל פאנד בלומען טאָג, אדער איז עס גאר דאס אטעם פארכאפנדע בילד פון די פאלקס גראשן וואס שטראמען צום נאציאנאל פאנד פון אלע עקן פון אונזער צעשפּרייטונג, און ווערן פארוואנדלט אין קאָנקרעטע, ממשותדיקע, פון טאג צו טאג און פון יאָר צו יאָר וואקסנדע שטרעקעס פאלקס באָדן? מסתמא דאס אלץ צוזאמענגענומען, סיגאלס צוגאנג איז אבער אויך א ראציאנאל אידעאישער: באָדן, אן וועלכן עס קען ניט געמאלט זיין קיין אידיש ארץ ישראל. דער נאציאנאל פאנד אן וועלכן עס וואלט ניט געווען די הסתדרות: די העכסטע פרינציפּ פון סאציאלן יושר, וועלכע דער נאציאנאל פאנד פארקערפּערט מיט זיך, אזוי איז סיגאל פארבונדן מיט'ן קרן קימת מיט טויזנטער אומצערייסבארע פעדעם. איר פילט עס אין זיינע רעדעס. איר זעט עס פון זיין ווארעמען אינטערעס אין אלץ וואס האָט צו טאן מיטן נאציאנאל פאנד. איר קענט עס אורטיילן לויט דעם געוואלטיקן פארטשריט וואס די פארבאנד ברענטשעס איבע'ן לאנד האָבן געמאכט אין די לעצטע יארן, אין דער ארבעט פאר אונזער פאלקס פאנד.

די קרוין פון זיינע אויפטואונגען: דער אידיש נאציאָנאלער ארבעטער פארבאנד. במשך פון זיין 18 יאָריקער פארבינדונג מיטן פארבאנד, האָט סיגאל אים ארגאניזאציאנעל אויסגעבויט און אים פארוואנדלט אין איינעם פון די גרעסטע און פּאָפּולערסטע פראָטערנאַלע אידישע אָרדנס אין אמעריקע. אבער וואס איז כמות אין פארגלייך מיט איכות? סאיז דא זאגט מען א מדרגה, וואו כמות הויבט זיך אן צו פארוואנדלען אין איכות. אבער אין תוך, איז א כזית איכות שקול כנגד מיליאסן כמות. גרויסע מיטגלידערשאפט? א נעץ פון הונדערטער און הונדערטער ברענטשעס איבערן לאנד? א ברייט פארשפּרייטע צאלרייכע פארבאנד משפחה? געוויס איז דאס אן און פאר זיך א געוואלטיקע דערגרייכונג: אבער ניט אין ערך ווערטפולער איז די אנדערע זייט פון דער דערגרייכונג: דער גייסט וואס איז אין פארבאנד און אין די פארבאנד חברים איינגעפלאנצט געווארן, די אידעאישע ווערטן וועלכע דער פארבאנד טראגט אין זיך, די אן א שיעור געזעלשאפטלעכע אקטיוויטעטן, אין וועלכע די מיטגלידערשאפט ווערט אריינגעצויגן. דער מיטגליד נעכטן — א איד פון א גאנץ יאר, היינט — א חבר: נעכטן — עולם הזה, היינט — אין דינסט פון די שענסטע מנעטשלעך אידישע אידעאלן. נעכטן — א בלאסער און בלוט ארעמער באנעם פון אידישקייט, היינט — א רייכער באגאזש פון ציוניסטיש־סאציאליסטישער פילאזאפיע און א גלאררייכער שלחן ערוך פון ריינע און לויטערע תרי"ג מצוות פון אידיש נאציאנאלער זעלבסט באפרייאונג.

שטאלץ מעג זיך סיגאל פילן, שטאלץ וואס אין דעם קורצן שפאן יארן, האָט ער זוכה געווען צו דערזען דעם אויפשטייג פון אזא שיינעם בנין. א בנין פון וועלכן ער איז געווען דער אַרכיטעקט און דער בויער.

צו זיין 50 יאריקן געבורטסטאג — הארציקסטע ברכות. מחיל אל חיל. לאנגע יאר פון וויטערדיקער און פרוכטבארער ארבעט פאר די ווערטן און אידעאלן פון ארבעטער ציוניזם.

# בן חמשים—לח״י דעם בעל יובל חבר ל. סיגאל

פון י. אייזנבערג

(פארוואלטער אונזער קעמפ און קינדערוועלט)

מען קען א סך שרייבן וועגן דעם בעל יובל און זיינע פארדינסטן פאר אלץ וואס איז חבריש אין אונזער באוועגונג, און פאר אלץ וואס איז אידיש אין אונזער באוועגונג. אט דער מענטש וואס איז אויסגעוואקסן פון פאלק און פאר 18 יאר אין פארבאנד, שטייט ראשו ורובו צווישן פאלק, ניט קוקנדיג אויף דער פאזיציע וואס ער פארנעמט אין אונזער אידיש געזעלשאפטלעכן לעבן. ער וויים און פילט דעם פולס פון אונזער ארגאניזאציע, לגבי פראבלעמען אין דער ארבעטער באוועגונג דא און פון דעם אידישן לעבן אין גלות און אין ארץ ישראל. פילט די ווייטיקן פון דעם שארית ישראל, זוכט צו לינדערן זיינע ליידן, און וועקט האפענונג פאר דער צוקונפט. נישט קיין לייכטע אויפגאבע אין דעם איצטיקן ווירוואר פון אונזער געזעלשאפטלעכקייט.

ווייסן די חברים פון פארבאנד, אין פילאדעלפיע, ניו יארק, און אין יעדער שטאט און שטעטל, וואו עס געפינט זיך א פארבאנד־צווייג, די פארדינסטן פון חבר סיגאל לגבי דעם פארבאנד, אונזער ארגאניזאציע, וואס איז געווארן א פולסירנדער כח אין יעדער אקציע לטובת אונזער פאלק. איך בין זיכער אז אין די פארשידענע אפשאצונגען וועגן די דאזיקע ארבעטן, וועט חבר סיגאלס נאמען פארנעמען דעם אויבנאן.

איך וויל זיך נאר אין געציילטע שורות אפשטעלן, אויף איינעם פון די פיינסטע מאנומענטען וואס דער פארבאנד האָט מיט 20 יאָר צוריק פאר זיך אוועקגעשטעלט. די פיינע, גרויסע זומער־היים „אונזער קעמפ און קינדערוועלט", פאר קינדער און דערוואקסענע, א מיניאטור מלוכהלע פון אונזערע ארגאניזאציע, וואס האָט דורכגעמאכט יארן פון שווערע קריזיסן, מאגערע יארן פון וואסערלאזיקייט און טייך־לאזיקייט און א וועלט מיט אנדערע פינאנציעלע קריזיסן. דאך ביינעקומען אלץ, א דאנק דער דינאמישער ענערגיע און עקשנות פון אונזער גענעראל סעקרעטאר, וואס האָט איינגעזען אז אונזער גרויסע ארגאניזאציע, מוז האָבן א זומער מקלט פאר אירע משפחות, מוז דערציען אונזערע קינדער אין אונזער גייסט אויך אין די זומער חדשים. פון יאר צו יאר איז געוואקסן די השפעה פון דער דאזיקער זומער היים אויף די הונדערטער משפחות וואס האָבן פארבראכט זייער וואקאציע צוזאמען מיט דער גרויסער פארבאנד משפחה אין אונזער קעמפ און קינדערוועלט.

הונדערטער, טויזנטער חברים און חברות און פריינט, פון אונזער באוועגונג, קומען זיך יעדן יאר צוזאמען דורך די זומער חדשים, און הערן זיך צו צו אונזער ווארט. וואקסט אונזער איינפלוס און ציט זיך דער המשך פון איד, חבר און מענטש.

שרייב איך עס נאך אמאָל צו צו דער וויזיע פון ל. סיגאל, דעם גוטן חבר און גוטן פריינט פון דער שיינער פארבאנד קאלאניע. ווען איך כאפ אמאָל א שפאציר מיט אים איבער'ן קעמפ, אין א סוף וואך, פיל איך ווי גרויס עס איז די זאך וואס מ'האָט מיט אזוי פיל ענערגיע און מסירת נפש געהאלפן בויען לטובת אונזער פארבאנד. און דער ציוניסטישער סאציאליסטישער באוועגונג בכלל.

די פארצווייגטע אקציעס לטובת דעם נאציאנאל פאנד, הסתדרות, אידישע פאלקשולן, קינדער פארשטעלונגען, עונג שבתים, דראמאטישע אויפפירונגען און ענלעכע אונטערנעמונגען, זיינען די פיינסטע עדות פון דער גרויסער ארבעט וואס דער פארבאנד פירט אן, אין פארלויף פון די זומער חדשים אין הײלאנד מילס. איז די דאזיקע ארבעט א זעלטענע מתנה פאר אונזער ליבן בעל יובל און מיר ווילן אים צו זיין יום טוב וווינטשן א סך נחת און פרייד אין זיין פערזענלעכן לעבן — אין אלטן טראדיציאנעלן זין — נחת פון א טייערער משפחה, נחת פון דער גרויסער פארבאנד משפחה, וואס איז א טייל פון זיך אליין, וואס ער האָט געהאָלפן שאפן דורך 18 יאר פון דערהויבענער פירערשאפט. דער עיקר, ער זאל אין די גאר נאענטע טעג און יארן פון פריידיקן לעבן זען די באפרייאונג פון אונזער שארית ישראל אין דעם לאנד פון אונזערע האפענונגען— און א וועלט פון צדק און יושר.

# צו ל. סיגאלס 50 יאָריקן יובל

פון אליעזר קופערמאַן
א חבר און פארערער

אין יאָר 1931 בין איך אריינגעטראָטן אין דער גענעראל עקזעקוטיווע, אלס פאָרשטייער פון שטאַט קאָנעקטיקוט. דאָס איז געווען נאָכן באשלוס פון דער שיקאַגאָר קאָנווענשאָן, אז פילאדעלפיע, ניו דזשוירזי און קאָנעקטיקוט זאָלן האָבן פאָרשטייער אין דער גענעראל עקזעקוטיווע. דאָס האָט דעמאָלט געזאָלט זיין א קאָנצעסיע מצד דער ניו יאָרקער „דעספּאָטיע" אָדער א „ניו דיעל" צו דער מכלומרשטער פארגוואלטיקטער פּראָווינץ. אגב, שפּעטער אין יאָר 1937 בעת דער דעטראָיטער קאָנווענשאָן, האָט זיך די זעלבע מישטיינס געזאָגט „רעוואָלוציאָנערע" פּראָווינץ אליין אָפּגעשמיסן ווי אין גאָגאָלס רעוויזאָר, און חרטה געהאט אויף אירע חטאת נעורים. אָט דער ענין דארף נאָך אמאָל באהאנדלט ווערן ווען ס'וועט געשריבן ווערן די געשיכטע פון אונזער פארבאנד. אינטערעסאנט איז אָבער, אז פון יענעם יאָר, הויבט זיך אָן דער אליץ שטייגנדער וואוקס פון פארבאנד, מער אין כמות ווי אין איכות און פּאַראַלעל מיט דעם גייט אויך די השפּעה פון פארבאנד . . .

דאָס איז ווידער אן ענין וואָס ס'איז כדאי זיך אַמאָל צו פארטראכטן וועגן דעם. און מיט דעם וואוקס און אויפשטייג פון אונזער פארבאנד, שטייגט די שיינע פּערזענלעכקייט ל. סיגאל, פאר די גאנצע זיבן יאָר פון מיין זיין אין דער עקזעקוטיווע. איך בין ווייט ניט געווען פון די פּאסיווע מיטבאטייליקטע, אפשר צופיל פּראָווינציאלער מאנער און שטורעמער מיט מיינע ארעמע גייסטיקע כחות, און דערפאר אפשר מיט ווייניק דערגרייכטע רעזולטאטן. אָבער יעדע זיצונג פון דער עקזעקוטיווע, איז ביי מיר געווען א גרויסע איבערלעבונג. אמת א סך קאָנפליקטן געהאט. דער עיקר איז דער קאמף געווען אנטקעגן דער אידייע פון שלילת הגלות. געוואָלט זען דעם פארבאנד אין זיין היסטאָרישער ראָל, ווי דעם פארויסגייער און וועג־ווייזער פאר דער אידישער קולטור אין אמעריקע, און געפילט האָב איך שטענדיק אז אין חבר סיגאלן האָבן מיר דעם אויפריכטיקסטן פריינט פאר אָט דעם געדאנק. עס זיינען דאָ א סך פאקטן דאָס צו באשטעטיקן. גענוג צו דערמאָנען אין איצטיקן מאָמענט זיין גרויסן פּלאַן פון א בוך־פארלאג אויף א גראנדיעזן פארנעם, וואָס וועט בלייבן אן ערלעכער מאָנומענט פארן פארבאנד. דער אונטערשיד צווישן אונז איז נאָר געווען אין דעם צוגאנג צו דער זאך. מיר זיינען געווען באהערשט פון א שטארקן טרוים, און ער האָט זיך גערעכנט מיט די פּראקטישע מעגלעכקייטן פון אזעלכע פּלענער.

סיגאל איז דער געבענטשטער סינטעז, פון חסידישער ראָמאַנטיק און ליטווישער קלאָרער רעאליסטיק. ער קומט טאקע פון אַ געגנט אין פּוילן וואָס ווערט באטראכט פון א סך פּוילישע אידן ווי האלב ליטוויש.

סיגאל איז די צענטראלע פיגור ביי יעדער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע, שוין ביים לייענען דעם מייסטערהאפטן זאכלעך-צוזאמענגעשטעלטן פּראטאקאל לייגט ער גלייך אוועק דעם חותם פון זיין פּערזענלעכקייט.

אין די ערשטע צייטן פון מיין זיין אין דער עקזעקוטיווע, איז מיר אָפּט מאָל געווען שאַקירנד, די כמעט איבערטריבענע פארערונג פון אונזער פּרעזידענט, דוד פּינסקי, דער קינסטלער און גייסטיקער אריסטאָקראַט, צו סיגאלן. האָט מיר פּינסקי אויף דעם געענטפערט אז ער טוט עס מיט זיין גאנצער אויפריכטיקייט, ווייל ער זעט אין סיגאלן נישט נאָר זיינע פיִיאיקייטן, נאָר זיין אינערלעכע שלמותדיקע איבערגעבנהייט צו אלע אונזערע טרוימען און אידעאלן.

וואָס מער איך קוק זיך איצט צו, שוין פון דער ווייטנס, און קאָן טראכטן אביסל אָביעקטיווער־ אליץ אמתער באשטעטיקט זיך די ווערטער פון פּינסקין וואָס אלס קינסטלער אימפּאָנירט אים אזוי שטארק דאָס אינערלעכע אין מענטשן.

פון שטאנדפּונקט פון א „שאווינִיסטישן" פארבאנדניק, פארדריסט א סך פון אונז, וואָס סיגאל גיט אוועק א סך פון זיין ענערגיע פאר אנדערע טעטיקייטן, ווי זשורנאליסטיק און אלגעמיינע כלל טועריי. מיר פילן, אז כאָטש די אלע טעטיקייטן זיינען אין אונזער גייסט, ווילן מיר אים אָבער האָבן אינגאנצן פאר זיך, פאר אונזער פארבאנד, וואס דארף און קאן האָבן די היסטארישע פונקציע צו ווערן דער עמוד האש אינעם גייסטיקן תהו ובהו פון אמעריקאנער אידישן לעבן.

ס'איז נאָך אפשר ניט צו שפּעט. צו זיין 50 יאָריקן יובילײ, ווינטשן מיר אים לאנגע יאָרן פון ווידמען זיינע פיזישע און גייסטיקע כחות פאר אונזער אלעמענס פאָלקס פארבאנד. אין אים און דורך אים זאָל ער דערגיין צו נאָך גרעסערע דערגרייכונגען.

זייט באַגריסט פילאַדעלפיער פירנדע חברים, פאַר אייער שיינער ארבעט, וואָס איר ווידמעט מיט אזוי פיל ליבשאפט צו אונזער אלעמענס ליבן חבר, אונזער יובילאר, גענעראל סעקרעטאר, ל. סיגאל.

# יאָרן פון וואוקס

פון ש. שאפירא

יאָרן פון וואוקס, דאָס איז די כאַראַקטעריסטיק פון דער פעריאָדע פון אונדזער יובילאר'ס פארבינדונג מיטן „אידיש נאציאנאל ארבעטער פארבאנד", פריער אלס געהילפס סעקרעטאר און נאָכדעם אלס גענעראל סעקרעטאר. דאס זענען געווען יארן פון וואוקס אין א טאפלטן זין: פארן פארבאנד און פאר דער פערזאן און פערזענלעכקייט, לואי סיגאל.

דער פארבאנד איז אין די יארן אויסגעוואקסן פון א קליינינקער ארגאניזאציע פון עטלעכע טויזנט אין אן ארדן פון אריבער צוויי צענדליק טויזנט מיטגלידער; פון א „בייבי" פון דער פועלי ציון פארטיי, וועלכע האָט זיך אנגעהאלטן אָן דער מאמעס פארטעך און ווי א גוט קינד זיך באנומען מיט דרך ארץ און געפאלגט א מאן, איז דער פארבאנד אין די יארן אויסגעוואקסן צו פארנעמען א גלייכן ארט מיט דער פארטיי אין דער סאציאליסטיש־ציוניסטישער באוועגונג, און אין געוויסע פאלן אויך דאָס אנגעזעענע ארט. דאָס איז געקומען אלס רעזולטאט פון דערגרייכונגען אין פאליטישע, געזעלשאפטלעכע, קולטורעלע, און ארץ ישראל אויפבוי טעטיקייטן. דורך דער ציוניסטיש־סאציאליסטישער באוועגונג און פון דער באוועגונג ארויס, האָט דער פארבאנד זיך ארייגעריסן אין דער אידישער עפענטלעכקייט און אנגעהויבן צו פארנעמען אן אלץ מער אנגעזעענעם ארט אין אידיש געזעלשאפטלעכן לעבן. היינט איז כמעט ניטאָ קיין אידיש געזעלשאפטלעכע באוועגונג, וואס זאל זיך ניט רעכענען מיט'ן פארבאנד ווי מיט א וויכטיקן געזעלשאפטלעכן כוח.

דאס אלעס איז דער אויפטו פון לואי סיגאל, אודאי איז ער ניט געווען אליין. עס זענען געווען אויך אנדערע, וואס האָבן גענומען אן אנטייל אין די אקציעס און ארויסטריטן, וועלכע האָבן געפירט צו די דערגרייכונגען, אבער אין דער פעריאָדע וועגן וועלכער מיר רעדן דא זענען די אנדערע געווען ניט מער ווי מיטארבעטער. זיי האָבן געשאפן די ראם, געדינט ווי דער מאראלישער כוח, צוגעגעבן די נויטיקע וואג און באדייטונג וואס האָט זיך געפאדערט אויף אויסצוקעמפן און געווינען די פאזיציעס. געדורשט נאך די פאזיציעס, דאמינירט די ארבעט און נט אפגעשטעלט זיך פאר קיינע שטערונגען זיי צו דערגרייכן — דאס איז געווען סיגאל'ס אויפטו.

דאָס איז חבר סיגאל'ס גרויסער פארדינסט פארן פארבאנד און דאס איז אויך זיין נעגאטיוו. דער פארבאנד טראגט דעם חותם פון סיגאל'ס פערזענלעכקייט. ער איז שטארק דארט וואו סיגאל'ס כוח איז שטארק און איז שוואך אין יענע געביטן, וואס זענען ניט סיגאל'ס פארטא.

צום גליק זענען די יארן, וועלכע מיר אונטערשטרייכן אין דעם איצטיקן יום־טוב, געווען יארן פון וואוקס אויך פאר דעם מענטש און דערפערזענלעכקייט לואי סיגאל.

ווען חבר סיגאל איז געווארן געהילפס־סעקרעטאר בין איך ניט געווען אין דער לייטונג פון פארבאנד. איך בין דאן געווען ארייגעטון אין אויספראוון געוויסע פראגראמאַטישע און מעטאָדישע ענינים אין אידישער דערציאונג און בין ניט געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג. דערמאן איך זיך ווען איך האָב אין א צייט ארום צום ערשטן מאָל געהערט חבר סיגאל'ן רעדן ביי א פארזאמלונג. ניט נאר זיינע רייד, די געדאנקען וואס ער האָט ארויסגערעדט, נאר אויך דער סטיל, דער אופן פון רעדן האָט מיר געקלונגען ווי א דיסאנאנס אין אונדזער קרייז.

די פירערשאפט פון אונדזער באוועגונג איז דאן באַשטאַנען פון מענטשן וואָס זיינען געווען איינגעפונדעוועט אין אידישער לומדות מיט אַ צוגאב פון סאָציאַליסטישער תורה אויפגענומען דורך רוסישע מקרות, אין דער שול פון דער אייראפייאישער סאציאליסטישער און פועלי ציוניסטישער באוועגונג. אט דער הינטערגרונט איז געקומען צום אויסדרוק אין די רעדעס פון די פירער. עס האָט זייערע רייד געגעבן אן אייגנארטיקע פארב און א באזונדערן טעם. דאָס האָט די רעדעס ביי א פועלי ציוניסטישע-פארבאנד פארזאמלונג געמאכט פאר א יחיד במינו, וואס ערגעץ אנדערש האָט מען דאס ניט געקענט הערן. אין חבר סיגאל'ס רעדע איז קיין סימן פון דעם אלעמען ניט געווען. אין איר כאראקטעריסטיק האָט זי געהערט צו דעם מין רעדעס, וואס מען פלעגט הערן פון יוניאן פירער, און זייער אייגנארטיקייט איז באשטאנען פון א קוקן פון אויבן אראפּ אויפן עולם, א שטארקע זעלבסטזיכערקייט, און א געוויסע וואוילינגישע פיפיקייט. דער אלגעמיינער איינדרוק, וואס איך האָב פון יענער פארזאמלונג ארויסגעטראגן איז געווען, אז דער חבר סיגאל איז אן ספק א קלוגער און פייאיקער מענטש, אבער עס פעלן אים די עלעמענטן פון וויסן, די טיפקייט און מיושבדיקייט וואס מיר האָט זיך געדאכט, אז זיי זענען דער ספעציפישער קנין פון אונדזער באוועגונג און וועלכע האָבן פאר מיר געהאט א באזונדערן רייץ.

עס איז אריבער א היפש ביסל צייט פון יענער פארזאמלונג ביז איך האָב זיך פערזענלעך באגעגנט מיט חבר

סיגאלן. דאס איז געווען ווען איך האָב באקומען אן איינלאדונג פון חבר גאלדשטיין, דעם דעמאלסטיקן גענעראל סעקרעטאר, צו קומען אין אפיס אריין זיך דורכצורעדן וועגן א וויכטיקן ענין. געהאנדלט האָט זיך עס וועגן אן אנבאט פון דער גענעראל עקזעקוטיווע איך זאל ווערן דער דירעקטאר פון די פארבאנד שולן. אין דעם שמועס האָט זיך באטייליקט אויך חבר סיגאל. יענער שמועס האָט פאר מיר אַנטפּלעקט, אַז חבר סיגאל איז אידייאיש אינגאַנצן אַן אונדזעריקער. און איך האָב דערפילט אַז נאָענטקייט צו אים דורך זיין פאזיטיווער און אומקאמפראמיסלעכער שטעלונג צו אידיש, כאטש אין אונדזערע שולן אין יענער צייט בין איך געווען דער פארקעמפער פון העברייאיש.

אלס דירעקטאר פון די שולן, מיטגליד פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, דירעקטאר פון „קינדערוועלט", איז מיר נאָכדעם אויסגעקומען צו באאבאכטן חבר סיגאל'ן פון דער נאענט און אין זיין ארבעט. ניט זייענדיק אלעמאל איינשטימיק מיט אים און אפטמאָל אפילו פאנאנדערגייענדיק זיך מיט אים גאנץ דיאמעטראל, האָב איך אבער שטענדיק באוואונדערט זיינע פייאיקייטן און באזונדערס זיין קאפאציטעט פון אויפנעמען זאכן מיט וועלכע ער איז דאכט זיך ביז דעם געגעבענעם מאמענט ניט געווען באקאנט אָבער לכל הפחות ניט באהאוונט. א וואָרט, א געדאנק וואָס איז אגב אַרויסגעזאָגט געוואָרן ביי אַ זיצונג איז אינגיכן אויסגעוואקסן ביי חבר סיגאלן אין א פלאטפארם, אין א שארפער שווערט אין זיין קאמף פאר א געוויסער האנדלונג, אדער א שטאנדפונקט וועלכן ער האָט געזוכט דורכצופירן. און אזוי האָט ער אין משך פון יארן אויפגענומען א סך פון די מענטשן וואס זיין פירנדיקע פאזיציע האָט אים געבראכט אין בארירונג מיט זיי געלערנט פון די דערפארונגען און עס גענוצט ווי רוי מאטעריאל פון וועלכן ער האָט געשמידט זיינע געצייג אין זיין קאמף פאר זיינע שטאנדפונקטן און פאזיציעס אין דער באוועגונג און ווי א ווארטזאגער פון דער באוועגונג אין דעם קאמף פאר אונדזער פאזיציע אין דער אידישער געזעלשאפטלעכקייט. און אין דעם פראצעס איז ער געוואקסן ניט בלויז אין דעם זין פון פארנעמען דעראבערטע פאזיציעס, נאר אויך אלס יחיד, אלס פערזענליכקייט.

מיט א סך, סך יארן שפעטער נאך יענער פארזאמלונג ווען איך האָב חבר סיגלאן צום ערשטען מאָל געזען און געהערט בין איך געזעסן ביי א פארזאמלונג אין מילוואקי און זיך צוגעהערט צו זיינער א רעדע. ניט ווילנדיק איז ביי מיר אויפגעשוואומען אין זכרון יענע ערשטע פארזאמלונג און אין געדאנק האָט זיך פון זיך אליין געפירט א פארגלייך. און עס איז אין מיר אויפגעשטיגן א געפיל פון באוואונדערונג פאר דעם וועג פון אנטוויקלונג, וואס ער האָט דורכגעמאכט. אין דער רעדע האָט נאָך אלץ געפעלט די פעסטקייט פון טיפע ווארצלען, אבער עס איז אין איר געווען ברייטער שוואונג, גרויסער פארנעם און דער עיקר א פאטאס ניט פון אגיטאציע נאר פון טיפן גלויבן און איבערצייגונג. דאָס האָט מער ניט גערעדט קיין ארגאניזאטאר, וואס וויל געווינען מיטגלידער, דאס האָט גערעדט א פירער וועלכער האָט באציאונג צום עולם, וויל אים לערנען און איבערצייגן און פירן אין א באשטימטער ריכטונג פילנדיק דערביי די אחריות וואס פאלט אויף אים דורך שטעלן זיך אין דער פאזיציע. דאס מאל האָב איך אים געדריקט די האנט נאך דער רעדע, און זאגנדיק אים יישר כוח האָב איך זיך אין הארצן געטראכט: חבר סיגאל, דו האָסט אין די יארן דורכגעמאכט א לאנגן וועג פון וואוקס און אנטוויקלונג.

וויל איך פארענדיקן מיינע פאר ווערטער צו דעם סיגאל יום טוב מיט ווינטשן חבר סיגאל'ן א סך יארן פון געזונט און ענערגיע, מוט און געוואגטקייט אנצוגיין מיט זיין ארבעט צו פארגרעסרן דעם פארבאנד, שטארקן אונדזערע פאזיציעס אין דער אידישער געזעלשאפטלעכקייט, און פערזענלעכן וואוקס אלס פירנדיקע פערזענלעכקייט אין אידישן לעבן.

# א בריוול צו דער רעדאקציע

פון א. באביטש

ליבער רעדאַקטאָר:

אייער איינלאַדונג צו שרייבן אַן אַריטקל, אַדער באַגריסונג צו חבר סיגאַל׳ס 50 יאַריקן יובילײ, האָט מיך אַוועקגעשטעלט אין א גרויסער פאַרלעגנהייט. איך ווייס ניט ווי איר, מיר איז שווער צו שרייבן אָדער צו ריידן וועגן א נאָענטן מענטשן מיט וועלכן איר שטייט טעגלעך אין דער אַרבעט.

זיין באַנאַל און שרייבן אינעם אַלטן באַנקעט נוסח, דער „פיינער", דער „ענערגישער" דער „איבערגעבענער", איז ווי פּאַסט עס עפּעס פאַר אַזאַ „שריפטשטעלער" ווי איך? מיר דאַכט, אַז מען וואָלט אין דער אידישער ראַדיקאַלער באַוועגונג שוין געקענט אַרויסגעבן אַ פאַר־טיק ביכל מיט „רעדי מייד" באַגריסונגען וואָס מען נוצט צו אַ 50 יאָריקן יובילײ פון אַ סעקרעטאַר, אַ 10 יאָריקן יובילײ פון א פּרעזידענט, אויפן שטייגער פון די דרשה־ביכלעך, וואָס געוויסע רבנים באַנוצן פאַר חתונות און לויות. זעט איר ווען איך וואָלט געווען פריי צו שרייבן וועגן סיגאַל׳ס חסרונות, דאס וואלט געווען אריגינעל און ניי. איז ער דאָך עפּעס אונזער „באָס" און ווי קען עס אַן אַרימער פּראָלעטאַריער אַרויסטרעטן קעגן זיין „באָס", אָבער אַזוי ווי איך ווייס אַז קיין אַנדערער וועט עס ניט טאַן, „שטעל איך איין דאָס לעבן" און וועל זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע חסרונות זיינע.

אָט אַ שטייגער געפעלט מיר ניט, וואָס סיגאַל גייט אָנגעטאָן און פירט זיך אויף ווי אַן איינפאַכער בשר ודם. איך האַלט אַז אַ גענעראַל סעקרעטאַר פון אַזאַ וואַזשנער אָרגאַניזאַציע ווי אונדזערע דאַרף גיין עפּעס אַנדערש אָנגעטאָן, אַז מען זאָל פון דעם ערשטן קוק אויף אים דערקענען, אַז ער איז אַנדערש פון אַנדערע. אָט ווען ער טראַגט א שטייגער א הויכן, שטייפן קאַלנער, מיט אַ שטעקן אין האַנט, וואָלט געווען אַ ניצלעכע זאַך. דאָס ביסל געבליבענע האָר, וואָס די חברים האָבן אים נאָך איבערגעלאַזט, זאָל ער טראַגן אַנדערש, ניט ווי אַלע מענטשן, מען זאָל ביי דעם ערשטן קוק אויף אים דערקענען אַז ער איז ניט אַבי „הו", מען זאָל אים חלילה ניט פאַרבייטן מיט עמעצן אַנדערש.

אָדער, אָט אַ שטייגער געפעלט מיר ניט וואָס ער איז אַזוי דירעוודיק, וואָס אָט איז ער דאָ, און אָט איז ער דאָרט, און וואו מען זייט אים ניט וואַקסט ער אויס, מישט זיך אומעטום, נעמט אַ וואָרט, זאָגט אַ מיינונג. ניין, אונזערער אַ סעקרעטאַר, וואָלט באַדאַרפט זיין אַ רואיק באַזאַכטער מענטש, אַ רענדל וואָרט. זיך ניט מישן אומעטום. היטן מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט דאָס ביסל כבוד, ווייל זיין כבוד איז דאַך אונדזער כבוד, און כבוד איז ניט קיין קלייניקייט, מענטשן לייגן איין וועלטן צוליב דעם און ער לאָזט עס אויף הפקר.

און דאָס וואָס ער איז דער גאַנצער בעל הבית ביי דער גענעראַל עקזעקוטיווע, און ביי אַלע קאָנפערענצן, מיינט איר איז אַ מעלה? איך ניט. וואָס איז עס פאַר אַ דעמאָקראַטיע אַז אַ סעקרעטאַר קומט צו אַ מיטינג מיט אַ פּאַקעט פּאַרטיקע אָפּגעטונענע זאַכן, געלייזטע פּראָבלעמען, וואָס בלייבט פאַרן פאָלק צו טאָן? וואו איז דאָס געהערט געוואָרן?

און די הויפּט צרה איז וואָס ער האָט תמיד די „מאַ־דזשאָריטי" אויף זיין זייט, ווי א שטייגער רוזוועלט. אָט די מאַדזשאָריטי וועט אונז גאָר רואינירן. וואָס קענט איר מאַכן מיט א מאַדזשאָריטי?

איך וואָלט געקענט אויסרעכענען נאָך א שיין ביסל חסרונות נאָר מיר וועלן עס איבערלאָזן צו זיין 60 יאָריקן יובילײ.

מיט די בעסטע וואונטשן פאַר נאָך לאַנגע יאָרן צוזאַמענאַרבעט.

אייער, א. באביטש

אזש פון לאָס אנגעלעס

# לואים סיגאל

(גענעראל סעקרעטאר פון אידיש־נאציאָנאלען ארבעטער פארבאנד)

פון א. לוצקי

תמיד אויף דער וואך.
באשלום אין דער גיך.
דאָס לעבען, א געיעג —
אָדער דו, אָדער איך.

דראסטיג-עלאסטיג,
האסטיג.
א דרייעלע-גימנאסטיג,
א שטייעלע-דינאסטיג.

זיין שמייכעל — א זיפער.
א הין, און א הער.
אוועק די סעקונדע —
קיין סימן נישט מער.

א געוועזענער „קאָפּ" —
ביי די מאכער פון „קעפּ".
איז ער שטענדיג האָפּ האָפּ —
מיט א פירערשען פעפּ.

ער מאכט זיך אין כעס,
פאנטאסטיש בייז.
ער זאָגט — איך וויים.
ער שרייט — איך הייס!

פאראנען א סברא —
אמאָל איז ער גוט.
נאָר גיי זיי א נביא —
און פאק די מינוט.

ער האלט זיך אזוי —
ווי די מאסען געפעלט.
א מענש ביי דער מאכט —
באשטימט און באפעלט.

ער שטייט פאר אן עולם —
די הענט אויף די דיכען,
און רעדט פון דעם אָרדען —
פארגלייך מיט משיח'ן.

ער שטרעקט אוים א פינגער,
און הילעכט — איך וואָרען!
איך זאמעל א סומע -
א ניט — איז מיין צאָרען!

פליען דאלארען —
ווי פויגלען פון נאָרען.
קאָנפעטי —
פון שטאָרען.

— נאָך א פארזאמלונג,
מיט סיגעל'ס א זאמלונג —
שטייען חברים
מיט ליידיגע טאשען.

זיי טוען זיך סוד'ען
מיט גרוים איבעראשען:

סיגעל קאן קריגען
א שטעלע מיט מער.
ער קערט נישט פאר געלט —
עס ציהט אים אהער.

מיר האָבען אן אוצר —
פאר בלויז „שיע פיע".
דערפרייען זיך אלע —
מען כאפט א מציאה.

ווער האָט „אנטוועהנט"
דער חבר פון וויגעל? —
סיגעל.

ווער האָט צעעפענט
טויער און ריגעל? —
סיגעל.

ווער האָט באפליגעלט
דעם ארדען מיט פליגעל? —
סיגעל.

ווער לייגט די חתימה
אונטער'ן זיגעל?
סיגעל.

דערפון איז צו וויסען;
דער שפיגעל —
איז סיגעל.

לואים — סיגעל.

# ל. סיגאל א בן חמשים

פון י. ערקעס

די פילאדעלפיער ברענטשעס און אויך די ברענטשעס פון פארבאנד איבערן לאנד, פייערן א צוויופאכן יובילײ פון ל. סיגאל, צו דער געלעגנהייט פון 50 יאָר אלט, און 18 יאר סעקרעטאר פון פארבאנד.

זיינען צו דעם צוגעפאסט העברעאישע סימבאלישע אויסדרוקן, דער ערשטער איז ח״י-לעבן, וואס איז זייער פאפולער און איז אנגענומען ביי אידן, ספעציעל ווען מען איז מנדב פאר א וואוילטעטיקן צוועק. אויך איז סימבאליש אן אויסדרוק אין פרקי אבות, שמונה עשרה לחופה. מיט 18 יאר צוריק האָט דער באליבטער יובילאר געשטעלט א חופה מיט'ן פארבאנד, אננעמענדיק דעם אמט אלס גענעראל סעקרעטאר, און זיך פארפליכטעט דורכצופירן די אויפגאבן וואס דער פארבאנד האָט אויף אים ארויפגעלייגט. היינט וועט יעדער איינער באשטעטיקן אז ער האָט זיינע פליכטן ערלעך דורכגעפירט און מיט גלענצענדע רעזולטאטן. סיגאל איז אין די אלע יארן געווען דער עמוד האש פון פארבאנד און אים געפירט אויפן ריכטיקן וועג און אים ארויסגעפירט אויפן ברייטן שליאך.

ער האָט געצילט צו מאכן דעם פארבאנד גרויס און שטארק, ער זאל פארנעמען א וויכטיקן פלאץ אין דעם ארגאניזירטן אידישן לעבן, און אויסברייטערן זיינע טעטיקייטן אויפן נאציאנאל-קולטערעלן געביט און אויף דער ארבעט פאר ארץ ישראל. ער האָט געצילט און געשטרעבט און האָט זיינע שטרעבונגען אין א גרויסער מאס פארווירקלעכט, ער האָט געבראכט דעם פארבאנד צו א הויכער שטופע, סיי אין כמות און סיי אין איכות.

א חוץ וואס ער האָט געשטרעבט צו דערגרייכן אין זיין אייגענער ארגאניזאציע, האָט ער אויך געזוכט ביי פארשידענע געלעגנהייטן, משפיע זיין אויף אנדערע און זיי באקערן צו אידיש נאציאנאלע טעטיקייטן און צום אידישן מקור. מען קען צורעכענען צו חבר סיגאלן א חלק, וואס אין די לעצטע יארן האָט דער נאציאנאלער געפיל אויפגעוואכט ביי א גרויסן טייל פון אמעריקאנער אידן. עס איז זעלטן צו געפינען א פערזאן וואס זאל אין זיך פארקערפערן אזוי פיל מעלות ווי אין חבר סיגאלן.. א חוץ וואס ער איז א פייאיקער פירער, באזיצט ער אנדערע פייאיקייטן און דער עיקר א סך מענטשלעכע מידות. איז א קלארער רעדנער, און א קלארער שרייבער, איז טאלעראנט צו יענעמס מיינונגען און ארגומענטן, האלט זיך קליין און זיין ווארט איז א באנקנאט.

דעם שרייבער פון די שורות, וועלכער איז געווען 15 יאר סעקרעטאר פון בר. 3 און 9 יאר סעקרעטאר פון שטאט קאמיטעט איז ניט איינמאָל אויסגעקומען דורכמאכן געזעלשאפטלעכע סכסוכים וועלכע זיינען געשליכטעט געווארן פון חבר סיגאל מיט זיין רואיקייט, געדולד און לאגישע ארגומענטן.

בן חמשים לעצה, ווערט געזאגט אין פרקיי אבות, האפן מיר און ווינטשן אז חבר סיגאל, וועט אויף ווייטער זיין דער טאן געבער און עצה געבער פון אונזער פארבאנד, צו וועמענס ווארט מיר וועלן זיך אלעמאָל צוהערן. מיר ווינטשן אים נאך לאנגע יארן פון געזונט, און פילע יארן פון פרוכטבארער געזעלשאפטלעכער ארבעט.



## באגריסונג פון חבר און חברה
## סאל און אננא לעווינסאָן

ארלאזאראוו בר. 396

מיט אַ געפיל פון אויפריכטיקער פרייד, באטייליקן מיר זיך אין דעם באמת פארדינטן יום טוב פאר חבר ל. סיגאל צו זיין 50טן יובילייי און 18 יאָר ערלעכע און איבערגעבענע דינסט דעם פארבאנד, אלס הויפט סעק-רעטאר.

מיר פאָלגן לעצטנס נאָך מיט גרויס אינטערעס די טעטיקייט פון פארבאנד אונטער דער אָנפירונג פון זיין ענערגישן גענעראל סעקרעטאר חבר ל. סיגאל און שאצן אָפּ דעם גרויסן בייטראג פון חבר סיגאל צו דער הויכער געזעלשאפטלעכער פּאָזיציע וואָס דער פארבאנד פאר־נעמט אין אידישן לעבן. מיר שיקן אים אונזערעווארעמע וואונטשן ער זאָל מיט באַנייטן ענטוזיאזם ווייטער פירן די אָרגאניזאציע און דערלעבן צו זען די רעאליזירונג פון אונזערע אידיש נאציאָנאלע שטרעבונגען.

## באַגריסונג פון א. סילווער



חבר ל. סיגאַל איז פאַר מיר אַלע מאָל אַ קוואַל פון באַגייסטערונג און אַן אינספּיראַציע פאַר אַלע גרויסע אַרבעטן וואָס אונזער באַוועגונג ליגט ארויף אויף יעדן פון אונז. זיין אויפריכטיקער אידעאַליזם, זיין קלאָרע לאָגיק און שטאַרקע איבערצייגונגס קראַפט, רופט ביי מיר שטענדיק אַרויס גרויס פאַרערונג צו אים. באַזונדערס באַוואונדער איך זיין קלאָרע און אייזן פעסטע שטעלונג צו די שווערע פּראָבלעמען פון אונזער אידיש לעבן און זיין טיפע צוגעבונדנקייט צו דעם גרויסן אידעאַל פון אונזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, צו דער שטרעבונג פון אַן אייגן זעלבסטשטענדיק אידיש נאַציאָנאַל לעבן אין ארץ ישראל.

חבר סיגאַלס איינפלוס גייט אַ סך ווייטער פון דעם פאַרבאַנד. דורך אים האָט אונזער פאַרבאַנד און די גאַנצע ציוניסטישע אַרבעטער באַוועגונג געקראָגן די אַנערקענונג און דעם דרך ארץ מצד אַנדערע גרויסע אידישע אָרגאַניזאַציעס מיט וועלכע מיר קומען אין באַרירונג.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דעם זייער וויכטיקן אָרט וואָס סיגאַל פאַרנעמט אין דעם קאַמף צו דעמאָקראַטיזירן דאָס אידישע לעבן אין אמעריקע, שטאַרקן די אידישע קולטור און דעם אידיש נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין.

מיט מיין גאַנצער נשמה באַגריס איך חבר סיגאַלן צו זיין איצטיקן צווייפאכן יום טוב פון 50 יאָריקן יובילײ און 13 יאָר פאַרבינדונג מיטן פאַרבאַנד אַלס זיין הויפּט סעקרעטאַר. איך ווינטש אים לאַנגע יאָרן פון פריידיקער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט אויף אַלע געביטן פון זיין ברייט פאַרצווייגטער טעטיקייט. זאָל זיין ווירקונג אין אידישן לעבן שטייגן אַלץ מער און מער; און זאָל ער שניידן מיט פרייד די פרוכט פון זיין אַרבעט.

### חבר י. טיקאָסקי

באַגריסט האַרציק חבר ל. סיגאַל צו זיין 50 יאַריקן יובילײ. מיט גרויס באַוואונדערונג פאָלגן מיר נאָך זיין דערפאָלגרייכע פירערשאַפט אין אידישן אָרגאַניזאַציאָנס לעבן און זיין קאַמף פאַר אַ באַפרייטן אידישן פאָלק. איך ווינטש אים דערפאָלג אין זיין אַרבעט און אַ סך יאָרן פון גליק און פרייד.

### חבר י. דאָרנבלום

גיט איבער זיינע ברכות צו אונדזער ליבן גענעראַל סעקרעטאַר חבר ל. סיגאַל, צו זיין 50 יאָריקן יובל און 18 יאָר געטרייע אַרבעט פאַרן פאַרבאַנד. זייט געגריסט און געשטאַרקט, חבר סיגאַל, און זעצט פאָר אייער קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט און אַ אידיש לאַנד אין ארץ ישראל.

# 3 לידער פון פילאַ. חברים

## פּאַראויס

פון **א. קאַסאי**

אז פול איז מיט דערנער פון לעבן דער וועג,
בערגיק, משופּע, און קרום,
אז גרוי איז דער הימל, פארוואָלקנט די זונען,
ס׳איז פינצטער ארום און ארום.

אז ווייט איז דער ציל, און קורץ איז די צייט,
די כחות זיי לאָזן זיך אויס,
אז שטייביק דער וועג, די אויגן פארטרערט
פון הארצן א ווייטיק זיפצט אויס.

אויף דעם דאָזיקן וועג אויף דעם שווערן,
האָסטו זיך פארמאָסטן צו גיין,
מיט גלויבן אין הארצן, און דורותדיק האָפן,
צעברעכסטו א שטיין נאָך א שטיין.

טאָ נעם צו מיין ברכה, מיין חבר מיין ליבער,
זאָל גאָט דיינע יאָרן פארמערן,
מיט כחות פארשטארקטע, פאַראויס זאָלסטו גיין
אויף דעם וועג, אויף דעם לאנגן דעם שווערן.

## צייל שונא די טעג

פון **ב. מעשמאַן**

דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן עטלעכע טעג
פאַר היטלערס מפּלה

צייל שונא די טעג,
וואָס זיינען דיר פארבליבן.
לייען דורך בלוט, וואָס איז
אויף דער וואנט אָנגעשריבן.

צייל שונה די שעהן,
וואָס זיינען דיר באשערט:
אויך דער שטן המשחית
האָט זיך פון דיר אָפּגעקערט.
צייל שונא די מינוטן,

כ׳ווייס נישט וויפל דו האָסט:
זאָל אויך דורך דיין מח דורכגיין א פראָסט.
צייל שונא די סעקונדן,
זיי זיינען שוין ווייניק אין צאָל:
נאָך זיסער פון האָניק
איז נקמת ישראל.

## אויסלייז

פון **יעקב ליפשיץ**

זאָל מיין שטימע פעסט און מעכטיק
הילכן איבער בארג און פעלד;
אויף גאָר דער וועלט וואו אידן ליידן,
אין גלותן פון גאָר דער וועלט.

זאָל מיין שטים זיך ווי א דונער,
קייקלען ביז צום ווייטסטן עק,
און ווי א בליץ א שארפער, העלער,
לייכטן אידן אויפן וועג.

אידן אין די גלות לענדער,
אזא ווייטיק, אזא שאנד,
אָדער גאָר דיך אויסצו־וואָרצלען
אָדער פרעמד אין יעדן לאנד.

און ביי אלע פרעמדע טירן,
ברענט די קנאה, פלאמט דער כעס,
איז איין וועג אונז נאָר פארבליבן,
פריי פון שנאה, פריי פון האס.

מזרח, מזרח, האלט אין אויפגיין,
זעט דעם צייכן פון גאָטס האנט,
דאָרט איז אונזער אייביק ווינקל,
דאָרטן איז דעם אידנס לאנד.

# א פארדינטער יובילײ

פון יצחק שטאלער

## א פאר ווערטער לכבוד דעם יובילײ פון חבר לואיס סיגאל

עס קומט א יישר כח די פילאדעלפיער פארבאנד חברים, וואס זיינען די ערשטע צו פייערן חבר סיגאלס 50 יאריקן יובילײ, ווי אויך זיינע 18 יאר טעטיקייט און פירערשאפט אלס גענעראל סעקרעטאר פון דעם אידיש-נאציאנאלן ארבעטער פארבאנד.

נאך מיין מיינונג איז דאס א פייערונג פאר חבר סיגאלן ניט נאר אלס פירנדער חבר פון פארבאנד, נאר אלס פירנדער חבר פון דער גאנצער ציוניסטישער באוועגונג. אונטער זיין השפעה און פירערשאפט, שפיגלט זיך אפ, ניט נאר דער ריזיקער וואוקס פון אונזער פארבאנד, נאר אויך דער איכות פון אונזער גאנצער באוועגונג. אונזערע אידעאלן און פארטײ עיקרים, וואס זיינען אין לויף פון יארן באגלייט מיט אזוי פיל פיין, און צומאל אויך יאוש, זיינען אבער דורך חבר סיגאלן מיט אנטשלאסנקייט און עקשנות ווירדיק געטראגן און פארשפרייט געווארן צווישן אידישע ארבעטער מאסן, און מיט זיין לאגישן און קלארן פארבאנד האט ער כמעט שטענדיק גובר געווען אלע מכשולים.

ביי דער געלעגנהייט, האט זיך אפגעפרישט אין מיין זכרון מיין ערשטע באגעגעניש מיט חבר סיגאלן. עס איז געווען ביי א פארטײ־ראט אין אלבאני, נ. י., וואו עס זיינען פארגעקומען שטורעמדיקע זיצונגען איבערן גורל און קיום פון אונזער פארטײ. שוין דאן האבן זיך אויסגעטיילט צוויי חברים, חבר סיגאל און חברה גאלדע מאירסאן. ביידע האבן אנגעפירט מיט ספעציעלע זיצונגען, שוין דעמאלט האב איך געזען און געפילט, ניט קוקנדיק וואס איך בין נאך אזוי יונג געווען אין דער פארטײ, אז אט די צוויי חברים וועלן שפילן א וויכטיקע, פירנדע ראל אין אונזער באוועגונג. אפשר איז דאס סימבאליש, גלות און ארץ ישראל, א פארעם וואס פארבינדט אונז אזוי שטארק: גאלדע, די פירערין פון ארץ ישראל און סיגאל אין אמעריקע. אין ביידע האט זיך געמערקט די זעלבע אייגנשאפט: פירערשאפט, שכל הישר, און א שטארקע אמונה אין אונזער ארבעט.

אט יענער ערשטער איינדרוק מיינער האט מיך ניט אפגענארט, אין משך פון די 18 יאר וואס סיגאל שטייט בראש פון פארבאנד, האט ער באוויזן אז ער איז ראוי צו טראגן אויף זיך די גרויסע נאציאנאלע אחריות וואס אונזער באוועגונג האט אויף אים ארויפגעלייגט.

צו זיין איצטיקן יובילײ, ווינטש איך אים א סך געזונטע יארן און בקרוב בימנו צו זען אונזער אידעאל פארווירקלעכט, אונזער פאלק באפרייט, אין לאנד פון אונזערע האפנונגען, ארץ ישראל. ממעמקי לבי אברכהו.

קויפט באנדס
דורכ'ן פארבאנד



סאל לעווענסאָן

# מיין מתנה צום יובילאַר, חבר ל. סיגאל

איך בין ניט פון די אַלטע חברים פון פאַרבאַנד, וואָס קענען חבר סיגאַלן פון דעם ערשטן יאָר וואָס ער האָט איבערגענומען די פאַרבאַנד פירערשאַפט, און דערפאַר נעם איך זיך ניט אונטער צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון זיין פערזענלעכקייט אָדער איבערגעבן פערזענלעכע באַגעגנישן מיט אים. פאַר די צען יאָר וואָס איך בין אַ מיטגליד אין פראַבאַנד, האָב איך אָבער געהאַט גענוג געלעגנהייטן צו הערן חבר סיגאַלן ביי פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען, און איך וויל דאָ איבערגעבן אַ פּאָר איינדרוקן מיינע וועגן אים.

דער שטאַרקסטער כח פון אַ מענטשן איז, לויט מיין מיינונג, דער איינפלוס וואָס ער האָט אויף זיינע נאָכפאָלגער. עס זיינען דאָ פירנדיקע פערזאָנען וואָס רופן אַרויס דרך ארץ און אַפילו יראת הכבוד, אָבער קיין השפעה אויף די געדאַנקען און געפילן פון זייערע נאָכפאָלגער האָבן זיי ניט. ל. סיגאל איז געבענטשט מיט דעם גרויסן טאַלאַנט צו קענען אָנרעגן די געדאַנקען און געפילן ביי יעדן איינעם פון זיינע צוהערער און זיי פאַרוואַנדלען אין מעשים וואָס פירן צו דער פאַרבעסערונג פון דעם אידישן לעבן. אַזאַ געפיל האָב איך אַלעמאָל ווען איך גיי אַוועק פון אַ פאַרזאַמלונג וואו סיגאל רעדט. אַ צווייטער וויכטיקער שטריך סיגאַלס איז זיין פייאיקייט קלאָר אַרויסצוברענגען אַ געדאַנק און קלאָר איבערצוגעבן די פּרינציפּיעלע יסודות פון פאַרבאַנד.

אין אַלע זיינע אַרויסטרעטונגען איז מיר אויסגעקומען צו הערן סיגאַלס שטאַרקע אַרגומענטאַציע וועגן דער וויכטיקייט פון אַ שטאַרקן פאַרבאַנד און בכלל וועגן דער וויכטיקייט פון אַן אָרגאַניזירטער אידישער געזעלשאַפט. אין ליכט פון די גרויסע אויפטרייסלנדיקע געשעענישן אין אידישן לעבן פאַר די לעצטע יאָרן, ווערט פאַר מיר קלאָר אָט די איינשטעלונג זיינע. איצט איז ווירקלעך ניט קיין צייט צו פראַווען אידישקייט ביחידות, ווייל די אויפגאַבן וואָס שטייען פאַרן אידישן פאָלק זיינען פון אַזאַ פאַרנעם, דאָס בלויז אַן אָרגאַניזירטער כח קען זיי טיילוויז לייזן. ערשט איצט זע איך, וויפל אָרגאַניזירטע כחות עס פאָדערט זיך פאַר איינער פון אונזערע שווערסטע אויפגאַבן, פאַר דער אידישער דערציאונג דאָ אין אַמעריקע. וויפל קאָלעקטיווע ענערגיע די רעליף אַרבעט וועט פון אונז מאָנען, און דער עיקר, וויפל גרויסע פאָלקס כחות עס וועלן דאַרפן אָנגעווענדט ווערן פאַר אונזער גרעסטן און שווערסטן קאַמף—פאַר דעם רעכט פון אונזער פאָלק צו בויען זיין נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל.

דערפאַר, ווען איך האָב געטראַכט וועגן דער שענסטער מתנה וואָס מיין ווייניקייט קאָן צוטראָגן צו אונזער יובילאַר, האָב איך ניט געקענט געפינען קיין בעסערע זאַך ווי אַ נייער צווייג אין דער פאַרבאַנד משפחה. מיט דער הילף פון מיינע געטרייע חברים אין ווינפילד, דוד לאַפידאַ, מ. זייעץ, און אונזער לערער, ש. שאַפּיראַ, איז אונז געלונגען צו גרינדן אַ שיינעם צווייג מיט קנאַפּע הונדערט מיטגלידער וואָס האָט אַלע אויסזיכטן צו ווערן שטאַרק און גרויס און שפּילן אַ ראָל אין דעם לעבן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ווינפילד.

ביי די מערסטע נייע מיטגלידער מערקט זיך אַן ערנסטער ווילן אַרויסצוגיין פון זייער ביז איצטיקער אָפּגעזונדערקייט, און טאָן נוצלעכע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, און מיט אַ געהעריקער פירערשאַפט קען אָט דער ווילן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסן כח וואָס זאָל זיין אַ ברכה פאַר אַלע אונזערע טעטיקייטן. איך האָף, אַז אונזערע פירנדע חברים פון דעם ניי געגרינדעטן ברענטש וועלן וויסן ווי צו היטן אָט דעם יונגן צווייג אונזערן און ווערן אַ שטאַרקער גליד אין דער גרויסער פאַרבאַנד משפחה.

פאַר חבר סיגאַלן וועט עס זיכער זיין דער שענסטער אויסדרוק פון אַנערקענונג און די שענכטע מתנה צו זיין יום־טוב.

# די גענעראַל עקזעקוטיווע

באגריסט די חברים און חברות פון פילאדעלפיע און זיך אליין און דעם גאנצן פארבאנד
צו דעם גליק צו האָבן

# חבר לואיס סיגאַל

ה"י יאָרן אלס סעקרעטאר, פירער און בויער פון דעם אידישן נאציאָנאל - ארבעטער
פארבאנד, און ווינטשט אים אין אייער נאָמען און אין נאָמען פון גאנצן פארבאנד
אריכת ימים ושנים, ער זאָל אונז נאָך לאנג בלייבן יונג און פריש און
קרעפטיק פאר דער וואונדערלעכער ארבעט, וואָס ער טוט פאר
דעם פארבאנד און פאר דער ציוניסטיש-סאָציאליסטישער
באוועגונג און פאר כל ישראל. :: :: ::

דוד פינסקי ——— פרעזידענט

יואל ענטין ——— וויצע-פרעזידענט

ש. בורשטיין ——— געהילפס-סעקרעטאַר

דר. א. מארגולים ——— קאַסירער

טש. אייזענבערג
מ. ל. בראון
ש. באנטשעק
מ. חמיץ
ה. ערענרייך
מ. פישער
פראָפ. ח. פיינמאן
ב. פרידמאן

וו. געלבארד
פ. גינגאָלד
ה. הערינגמאן
א. העמלין
ב. פערלמוטער
דר. ד. ט. סאָמער
מ. סילווערבערג
ר. טעמפער

# דער ניו יאָרקער שטאַט קאָמיטעט באַגריסט די חברים פון פילאַדעלפיא צו דער געלעגנהייט פון איינאָרדענען דעם סיגאל יובילייי

דער שטאַט קאמיטעט אין פילאַדעלפיא האָט געהאט א מעגלעכקייט צו דערגרייכן דאס וואס דער ניו יאר־קער שטאַט קאמיטעט האָט ב'אין אופן ניט געקענט — די הסכמה פון יובילאר צו פייערן זיין 18־יאריקע פאר־בינדונג מיטן פארבאנד אלס גענעראל סעקרעטאר, און זיין 50 יאריקן יובילייאום.

מיר אין ניו יארק ווינשן אייך דערפאלג אין דער ארבעט וועלכע איר האָט אונטערנומען און מיר זענען איבערצייגט אז איר טראגט מיט זיך די צושטימונג און ברכה פון אלע מיטגלידער פון אידיש נאציאנאלן ארבע־טער פארבאנד, פון אלע צענטראלע קערפערשאפטן.

מיר באגריסן סיגאל'ן צו זיין 50־יאריקן יובילייאום און צו דעם 18טן יאָר פון זיין אַרבעט פאַר'ן פאַרבאַנד. דער פארבאנד אין 1927 איז ווייט, ווייט ניט געווען די ריזיקע ארגאניזאציע מיט די צענדליקער טויזנטער מיט־גלדער צו וועלכע ער איז אויסגעוואקסן היינט צו טאג. אין די לעצטע 18 יאָר איז לואיס סיגאל געווען דער פראק־טישער בויער פון פארבאנד.

מיר באגריסן חבר סיגאל פאר ארייגברענגען דעם פראטערנאלן געפיל און אחריות פאר'ן יחיד אין די רייען פון פאַרבאַנד. אונזערע פּראָבלעמען זיינען פון אַ נאַציאָ־נאַלן און וועלט כאַראַקטער. פאַרגעסט מען זייער אָפט די נויט פון דעם יחיד און די הילף וואס ער דארף קריגן אין א פראטערנאלער ארגאניזאציע. סיגאל, וואס איז שטענ־דיק אין צענטער פון אקטיוויטעטן פון א נאציאנאלן כא־ראקטער, האָט אויך דעם געפיל און די אחריות פאַר דעם יחיד אין פארבאנד. ער וועט אים העלפן, ער וועט זען ער זאל געהאלפן ווערן אין זיינע טאג־טעגלעכע נויטן.

אחוץ דעם, האָט סיגאל בייגעטראגן זייער פיל צו דעם פאליטישן כח צו וועלכן דער פארבאנד איז אויסגעוואקסן, ניט נאר אין דער ציוניסטישער ארבעטער משפחה נאר אין אידיש געזעלשאפטלעכן לעבן אין לאנד. דאָס אויסוואקסן פון פארבאנד ארגאניזאטאריש, פראטערנאל און פאליטיש אין א ריזיק גרויסן כח האָט א סך צו טאן מיט דער וויר־קונג און השפעה פון דעם, וועלכער איז געשטאנען די לעצטע 18 יאהר ביי דעם רודער פון אידיש נאציאנאלן ארבעטער פארבאנד.

דער ניו יארקער שטאט קאמיטעט, אין נאָמען פון די ניו יארקער חברים, באגריסט דעם יובילאר, וואס האָט געגעבן אוף אזא שיינעם און אפפערוויליקן אופן זיין ענערגיע, פערזענליכקייט, איבערגעבנהייט און שוואונג אין דער אקטיוויטעט פון פארבאנד. מיר באטייליקן זיך מיט אייך אין דעם יום טוב.

אונזערע ברכות צום יובילאר פון דער שטאט וואו חבר סיגאל האָט אפגעגעבן, און ניט אפּ, א גרויסן טייל פון זיין ארבעט פאר דעם אויפבוי פון פארבאנד.

ניו יארקער שטאט קאמיטעט
אידיש נאציאנאלער ארבעטער פארבאנד

ש. באנטשיק, טשערמאן

ש. בורשטיין, סעקרעטאר

באגריסונג פון

# געװערקשאַפטן קאַמפּײן
# אין פילאַדעלפיע

דער
געװערקשאַפטן
קאַמפּײן פאַר דער
הסתדרות אין ארץ ישראל,
שיקט זײנע האַרציקע ברכות צו
אונזער לײטנדן־פירנדן **חבר ל. סיגאל,**
צו זײן פופציק יאָריקן יובילײ, װי אױך פאַר זײנע
געטרײע, איבערגעבענע און דערגרײכנדע אַרבעטן פאַר
דעם אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, זײענדיק זײן
גענעראַל סעקרעטאַר פאַר די לעצטע אכצן יאָר. — מיר װינטשן אים
א סך געזונטע און גליקלעכע יאָרן, ער זאָל זוכה זײן בקרוב צו זען אונזער
אַלעמענס אידײע, פאַרװירקלעכט . . . אין א באַנײטער און באַפרײטער ארץ ישראל.

**דר. ח. פײנמאַן**
**א. סילװזער**
**י. שטאַלער**
**מ. סעסלינג**

# L. Segal Jubilee Committee

## סיגאַל יובילײ קאָמיטעט

## SUNDAY, JUNE 3, 1945

CITY & DISTRICT COMMITTEE No. 4, J. N. W. A. — שטאָט און דיסטריקט קאָמיטעט נו. 4, א. נ. א. פ.

717 SPRUCE STREET—PHONE, LOMBARD 3935

*Honorary Chairmen:*
David Pinski
Prof. Chaim Fineman
Judge Louis E. Levinthal
Samuel Daroff
Harry Gimpelman
Abraham Silver
Samuel E. Kratzok

Benjamin Friedman, Chairman
Sol Levenson, Treasurer
H. Yellis, Secretary

*Vice-Chairmen:*
M. Broth
M. Dworin
J. Erkes
R. Goffman
S. Glasner
D. Lapida
A. Lopatin
I. Singer
P. Solot
M. Shapiro
I. Staller
N. Tash
J. Waine

*Book Committee:*
Dr. M. E. Kalish, Chairman
W. Shichman, Editor
N. L. Brown
H. Cossoy
M. Glushakoff
B. Klein
D. Lessoms
Z. Reznick
M. Rubin
S. Shapiro
L. Shilling
S. Taufer
H. Weissman

*Program and Banquet Committee:*
H. Bellis, Chairman
L. Beck
N. Bushman
S. Bugash
I. Donsky
P. Fox
H. A. Goldstein
L. Gimbel
H. Goss
M. Herlich
J. Lipshutz
S. Portner
P. Roseman
H. Rappoport
E. Surasky
W. Silberman
S. Stopack
Dr. S. Stein
M. Sesling
A. Seidel
S. Schnaper
M. Tellem
M. Uretzky
M. Wolov
K. Weinstein
M. Zeitz

*Reception Committee:*
Mrs. Anna Levenson, Chairman
Mrs. Rachel Bellis
Mrs. Tillie Benami
Mrs. S. Broth
Mrs. Leah Cossoy
Mrs. Elster
Mrs. S. Korostoff
Mrs. G. Kalish
Mrs. Seidel
Mrs. J. Schribman



דער גאנצער יובילײ קאָמיטעט שיקט זיין ווארימע

באגריסונג צום יובילאר

# לואיס סיגאַל

גענעראַל סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד

**לכבוד זיין 18 יאָריקער טעטיקייט אין פארבאנד**

**און 50 יאָריקן יובילײ**

און האָפן, אַז חבר סיגאַל וועט נאָך לאַנגע יאָרן אָנפירן

זיין טעטיקייט פאַר די גרויסע אידייען פאַר דער

אויסלייזונג פון אונדזער פאָלק און

פאַר אַ בעסערער וועלט.

*Ticket Committee:*
Mrs. M. Sternberg, Chairman
Mrs. F. Baseman
Mrs. C. Freeman
Mrs. S. Fox
Mrs. Ceitlin
Mrs. H. Goss
Mrs. L. Horowitz
Mrs. Roseman
Mrs. S. Sobelman
Mrs. C. Schwartz
Mrs. P. Tankel
Mrs. Wilderman

H. Atlas
J. Ashman
I. Abramson
B. Bernstein
M. Barrack
B. Benson
W. Bonchez
A. L. Berkowitz
T. Brodsky
M. Cherkasky
L. Croll
I. Carmy
B. Cantor
J. Dornblum
L. Dashefsky
S. Elster
F. Elster
A. Frank
M. Fain
H. Fein
P. Filler
H. Fishbon
S. Farber
J. Friedman
J. Gorman
W. Greenberg
W. Glassman
A. Gallow
D. Goldman
A. Gerbovoy
J. Gross
L. Herman
Z. Hankin
Dr. H. H. Harris
M. Jacobs
S. Korin
J. Kauffman
N. Kulchinsky
Mrs. I. Lazar
Mrs. M. Lieberman
P. Levin
W. Medgebow
A. Mandell
C. Matter
S. Polansky
J. Penn
G. Parris
A. Pritzert
S. Pollack
S. Polsky
C. Rochwarg
M. Rosenberg
A. Rothwarf
A. Rothman
H. Rappoport
M. Sternberg
A. Shandler
M. Slutzky
D. Schwartz
I. Sherman
M. Shapiro
N. Siegel
I. Schwartz
A. Sherman
I. Seldis
Mrs. J. Swerdling
L. Stern
I. Siegel
I. Shribman
B. Stuckelman
A. Whitt
N. Weinstein
M. Weiss
S. Wilensky
S. Zarr

*Office Staff:*
H. Yellis
Miriam Ginn Silver, Secretary
W. Shichman
S. Taufer
P. Solot

פילאדעלפיע, פא.

# ברענטש אײנס

שיקט זײן הארציקע באגריסונג צום 50 יאָריקן יובילײ פון אונזער ליבן

# חבר לואיס סיגאל

דער ברענטש אײנס, איז ניט נאָר דער ערשטער אין נאָמען, נאָר אויך דער ערשטער זיך צו באטײליקן אין אלע אקטיוויטעטן פון אונזער ציוניסטישער ארבעטער באוועגונג, ווי שולן, נאַציאָנאַל פאָנד, געווערקשאפטן קאמפײן, עמוירדזשענסי פאָנדן, עלייד דזשואיש אפיל, א. א. וו.

מיט שטאָלץ און פרײד קומען מיר איצט אלס דער בכור פון אונזער פארצווייגטער משפחה, צו באַגריסן חבר ל. סיגאל צו זײן 50 יאָריקן יובילײ.

50 יאָר אין לעבן פון א מענטשן שפילט ניט די ראָלע אזוי אין יאָרן, נאָר אין דער גרויסער ארבעט, וועלכע ער ווידמעט לטובת דער אידישער געזעלשאפט. חבר סיגאל האָט געבראכטט דעם פארבאנד צו א שטופע, מיט וועלכער עס רעכנט זיך די אידישע געזעלשאפט־ליכקייט אין אמעריקע, און צו וועמענס וואָרט מען מוז זיך צוהערן.

אונזער ברענטש צײלט איצט אריבער 200 מיטגלידער. דער וואוקס פון ברענטש איז אויך צו פארדאנקען דעם גרויסן אָרגאניזאציאָנס דערפאָלג, וואָס איז אינספירירט געוואָרן פון חבר סיגאל.

מיר ווינטשן אים נאָך לאנגע יאָרן פון טעטיקייט, און דערלעבן צו זען די פרוכט פון זײן ארבעט און די פארווירקליכונג פון די גרויסע אידעאלן פון פארבאנד פאר א באפרײטער מענטשהײט און א באפרײטן אידישן פאָלק אין אונזער אײגן לאנד.

זײט געגריסט חבר סיגאל!

ד. לאפידא, פאָרזיצער — דר. י. מ. קאליש, קאסירער

ט. בראָדסקי, וויצע פאָרזיצער — פ. זאָלאָטניצקי, סעקרעטאר

עקזעקוטיווע:

מ. שאפיראָ — ב. מעשמאן — פ. ניומאן

א. מאָזעס — ל. הערמאן

---

די פאָלגענדע חברים באגריסן אונזער ליבן חבר ל. סיגאל, צו זײן יובילײ פײערונג, און ווינטשן אים א סך גליק אין זײן ווײטערדיקער ארבעט:

חבר און חברה ב. סטוקעלמאן

חברה ס. קעסלער

חברה ס. שמוקלער

חבר און חברה ל. פּ. מאסטעראָוו

חבר און חברה ש. שווארץ

חבר און חברה א. שווארץ

חבר און חברה מ. זײעטץ

חבר און חברה א. פריטצערט

חבר און חברה נ. שײנמאן

חבר און חברה ש. שאפיראָ

חבר און חברה א. ל. בערקאָוויץ

חבר און חברה י. שרײבמאן

פילאדעלפיע, פא.

# אנשי זשיטאָמיר ברענטש 2

מיר, די חברים און חברות פון זשיטאָמירער ברענטש 2, צוזאמען מיט די חברות פון דער לײדיס אוקזילערי באגריסן הארציק אונזער ליבן סעקרעטאר

# חבר לואיס סיגאל

צו זײַן 50 יאָריקן יובילײ און זײַן 18 יאָריקער טעטיקײט אלס סעקרעטאר פון פארבאנד.

די ביאָגראפיע פון אונזער ברענטש איז צו א גרויסע און צו א לאנגע, אָבער מיר װעלן עס מאַכן אין קורצן. נאָך שװערער ארבעט איז אונז געלונגען צו האָבן א שטאַרקן ברענטש, מיט דער הילף פון אונזערע חברים און מיט דער אינספיראציע פון אונזער ליבן חבר סיגאל.

זײַט געגריסטט חבר סיגאל. מיר װינשן אײַך לאנגע יאָרן און געזונט, צו טאָן די גוטע ארבעט לטובת אונזער פאָלק.

| | |
|---|---|
| ס. פּאָרטנער, טשערמאַן | **בעאמטע פון לײדיס אָקזילערי** |
| דזש. טשעסקיס, װײַצע טשערמאַן | חברה האָרנסטײן, טשערלײדי |
| ס. האראװיטץ, טרעזשורער | חברה גוירשמאַן, װײַצע־שטערלײדי |
| ס. קאָרין, פינאנץ סעקרעטאר | חברה װײט, טרעזשורער |
| טש. ראָכװארג, רעק. סעקרעטאר | חברה גאָלדשטײן, סעקרעטארין |

חברים און חברות פון ברענטש באגריסן חבר סיגאל'ן:

| | | |
|---|---|---|
| מ. קאָהן | ס. קאָרין | מ. קאלין |
| ב. טשעסקיס | טש. ראָכװארג | דזש. טשעסקיס |
| א. װײט | ס. פּאָרטנער | ס. האראװיץ |
| א. פײנמאַן | ה. בונין | ב. בערים |
| ה. גאָלדבערג | מ. שטערנבערג | |

# באגריסונג פון וואָלינער ברענטש 3, א. נ. א. פ.

דער וואָלינער ברענטש 3 האָט זיך אנגעשלאָסן אין פארבאנד אין יאר 1917, זייענדיק דאמאלס א לאנדסמאנשאפט פאראיין, טראָגנדיק דעם נאָמען „וואָלינער פאריין", וואס זיין הויפט צוועק איז געווען געגענזייטיקע הילף צו די מיטגלידער, און אויך אין א באשריינקטער מאס, לויט די מעגליכקייטן, צו וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס.

האָבן אבער די אנפירער פון דעם פאריין, וועלכע זיינען איצט אויך די פירער פון דעם אנגעזענעם פארבאנד צווייג, זייענדיק דורכגעדרונגען מיטן נאציאנאלן געפיל און מיט די ברייטערע אנשויאונגען, האָבן זיך ניט באניגנט מיט דער הילף טעטיקייט איינגעשרומפן אין די באשריינקטע „ד" אמות, און האָבן געזוכט ארויסצוגיין אויפן ברייטערן האריזאנט און זיך באהעפטן מיט א אידישן ארדן, וואס סענטעזירט אין זיך הילף פאר א מיטגליד אין פאל פון נויט און ענטהאלט אין זיך נאציאנאל-קולטורעלע אספיראציעס. געזוכט און געפינען — דעם נאציאנאלן ארדן — אידיש נאציאנאלער ארבעטער פארבאנד, מיט זיינע נאבעלע פרינציפן, וואס האָבן אפעלירט צו זיי. דער פארבאנד האָט דעם פאריין ארונטערגענומען אונטער זיינע פליגלען, זייענדיק נאך אליין קליין.

פון דאמאלס אן האָט דער ברענטש 3 געוואקסן פאראלעל מיטן פארבאנד און ציילט איצט א 300 מיטגלידער, און האָט פיל מיטגעהאלפן צו פראגרעסערן דעם פארבאנד אין פילאדעלפיע.

דער ברענטש 3 האָט צו פארצייכענען אין דער צייט פון זיין עקזיסטענץ א גלארייכע געשיכטע פון טעטיקייטן אויפן נאציאנאלען, קולטורעלן און געזעלשאפטליכן געביט, דאוקא מיט א קליינער צאל אקטיווע טוער.

עס איז כדאי צו באמערקן, אז היינטיקן יאר האָט דער ברענטש בייגעטראגן פארן געווערקשאפטן קאמפיין $2600, פאר'ן נאציאנאל פאנד $1400, פאר'ן פארבאנד צענטער $900, האָט אויסגעשטאטעט א מיטינג צימער פאר $800, און נאך אנדערע בייטראגן.

איצט פייערן מיר חבר לואיס סיגאל'ס צווייפאכן יובילייאום, 50 יאר אלט און 18 יאר אלס גענעראל סעקרעטאר פון פארבאנד, איז דער ברענטש 3 גאר א נאענטער מחותן, ווייל חבר סיגאל איז שטענדיק געווען נאענט צום הארצן פון די חברים פונ'ם ברענטש. זיי האָבן ליב חבר סיגאלן, און חבר סיגאל האָט ליב דעם ברענטש. ווינשן מיר אים לאנגע יארן פון געזונט און גליק אין זיין פריוואטן לעבן און אין זיין ארגאניזאציאנס לעבן, און אז ער זאל זען די פרוכט פון זיין אונערמידלעכער און געטרייער ארבעט לטובת די אידעאלען פון ארבעטער ציוניזם פאר'ן אידישן פאלק.

ה. א. גאלדשטיין, טשערמאן
ס. עלסטער, וויצע טשערמאן
ה. שטערן, 2-טער וויצע טשערעמאן

פ. ליבמאן, קאסירער
י. ערקעס, סעקרעטאר
מ. סאלפעטער, געהילף סעקרעטאר

---

**עקזעקוטיווע:**

ר. גאפמאן
ראוז גאפמאן
ה. ראפאפארט
אנא גערבער
מ. יאנישעווסקי

ב. סילווער
ה. פעסיקאָוו
רייטשעל פאקטאר
סיידי האָרוויץ
ס. פאלאנסקי

מ. פאָלסקי
ח" און ח" זיגעלבוים
סארא שטערן
מ. מילמאן
ס. דערמאנער



עקזעקוטיווע מיטגלידער פון וואָלינער ברענטש 3

פילאדעלפיע, פּא.

# חיים נחמן ביאליק ברענטש 25

מיר באגריסן הארציק אונדזער ליבן

# חבר לואיס סיגאל

צו דער געלעגנהייט פון זיין 18 יאָריקער דינסט צום אידיש נאציאָנאלן ארבעטער פארבאנד. זאָלן די קומענדע 18 יאָר זיין אזוי פּרוכטבאר, ווי די פארגאנגענע.

י. וויין, פאָרזיצער — ה. בעלים, סעקרעטאר

י. בראָדסקי, קאסירער — מ. דזשייקאָבס און י. לאנג, וויצע טשערלייטט

| חבר און חברה | חבר און חברה | חבר און חברה |
|---|---|---|
| מ. טעלעם | | מ. סעסלינג |
| ה. בעלים | ב. פאול | טש. לאפידום |
| י. ראָזענסטיין | | א. קרעטשמאן |
| י. לעווין | | דר. י. מאָלדראווער |
| מ. דזשייקאָבס | ב. פארק | ה. מילער |
| ל. שטייסעל | | מ. אָלען |
| נ. שאָר | ל. כהן | מ. ראָזענבערג |
| א. אלמאר | | מ. ראָם |
| ל. ברוסילאָוו | | ה. ראָם |
| נ. קליגער | י. פרידמאן | ל. סאמאָילאָוו |
| י. לאנג | | י. שערמאן |
| מ. ראָזען | י. הווירש | וו. טרימאן |
| י. בראָדסקי | | דזש. טריגוב |
| מ. פאָרמאן | | ה. ווײמאן |
| א. סילין | י. כרמי | ש. וויינשטיין |
| ש. ווערניקאָוו | | חברות: |
| ה. אדאמס | י. קלינגהאפער | חנה טארנאָפּאָל |
| פּ. גאָלדמאן | | פּ. ווייס |
| י. גרינוואלד | | ר. וועסלער |
| י. וויין | ה. גארבער | ר. ראָזענסטיין |

